ג ע ק ל י ב ע נ ע  ו ו ע ר ק

# מ. יו. לערמאָנטאָוו

יידיש משה כאַשטשעוואַצקי

ע ר ש ט ע ר  ב אַ נ ד

ל י ר י ק

ו ו י ל נ ע – 1926

ו ו י ל נ ע ר  פ אַ ר ל אַ ג  פ ו ן  ב. ק ל ע צ ק י ן

## פונם איבערזעצער.

דאָס בוך איז צונויפגעשטעלט, לויט דער אויסגאַבע פון לער־מאָנטאָווס אויסגעקליבענע ווערק, אַרויסגעגעבן אונטער דער רעדאַקציע פונם רוסישן דיכטער אַל. בלאָק. (גזשעבינס פאַרלאַג, בערלין — פעטערבורג 1921).

דאָס הייסט, אַז דער אויסוואַל פון די לידער (חוץ קליינע אויס־נאַמען) און די טעקסטן זיינען גענומען געוואָרן פון דער אויס־גאַבע. אויך די ביאָגראַפישע נאָטיץ און די באַמערקונגען צו די לידער זיינען צומייסטנס צונויפגעשטעלט לויט יענעם בוך.

די צעטיילונג און די צעשטעלונג פון די לידער איז געבליבן די זעלבע ד. ה.:

דער ערשטער טייל לידער (1836—1840) שטעלט מיט זיך פאָר מיט איינִיקע אויסנאַמען די זאַמלונג, וואָס לערמאָנטאָוו אַליין האָט צוגעגרייט צום דרוק און וועלכע איז דערשינען אין 1840טן יאָר.

דער צווייטער טייל (1836—1841) שטעלט מיט זיך פאָר די לידער פון דעם זעלבן פעריאָד, וואָס לערמאָנטאָוו האָט זיי אין זיין זאַמלונג ניט אַריינגענומען, ווי אויך די לעצטע לידער זיינע. די לידער פון דעם טייל זיינען אויך איבערגעזעצט אינגאַנצן, נאָר מיט קליינע אויסנאַמען.

דער דריטער טייל—לידער פון 1828—1832 י., דאָס זיינען די יוגנט־לידער. זייער אינטערעס איז מער אין דעם אָנצייכענען די מאָ־טיוון פון דער קומענדיקער דיכטונג. צווישן די לידער זיינען שוין דאָ אַזעלכע באַרימטע ווי „דער מלאך", „דער זעגל" א. אַנד. פון די לידער האָב איך אויסגעקליבן די מער באַוואוסטע און כאַ־ראַקטעריסטישע.

וואָס כ'האָב פון די ערשטע צוויי טיילן ניט איבערגעזעצט איז דאָס מייסטנס די איבערזעצונגען לערמאָנטאָווס — איבערדיכטונגען פון בייראָן, היינע און אַנד. פון אַזוינע גייען בלויז די באַרימטע „גייסטער־שיף", פון דייטשן דיכטער זיידליץ און געטאָס וואַנדער־ליד (די לעצטע 8 שורות). צו דעם מין געהערט אויך „דער גלאַדיאַטאָר", וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר אַ נאָכמאַכונג בייראָנען. איך אייניקע אָריגינעלע לידער, וועלכע זיינען לויט מיין מיינונג פרעמד דעם גייסט פון דער יידישער שפּראַך, קריסטלעך־רעליגיעזע אָדער ח'סיש־פּאַטריאָטישע האָב איך געלאָזן אָן אַ זייט.

איצט, ווי האָב איך איבערגעזעצט?

פריער פאַר אַלץ און דערהויפּט, דער ריטם פון ליד — דאָס אוניווערסאַלע פון דער דיכטונג—האָט געמוזט און איז פאַרהיט געוואָרן אין אַלע איבערזעצונגען. דאָס צווייטע איז פאַרשטייט זיך דער פּירוש־המלות — די אייגנטלעכע איבערזעצונג — דער אינהאַלט, אַזוי צו זאָגן. איך בין געווען געטריי דעם ווי ווייט נאָר מע קאָן — הירך די גרעסטע שוועריקייטן. אַלעמאָל געשטרעבט איבערצוגעבן לערמאָנ־טאָווס אייגן בילד, לערמאָנטאָווס אייגן וואָרט — אַנדערש איז לער־מאָנטאָוו ניט לערמאָנטאָוו.

און לעצטנס — די גראַמען. אין דעם הינזיכט האָב איך געפונען ניט נאָר פאַר מעגלעך, נאָר פאַר אומבאַדינגט נייטיק אויסצונוצן אַלע טעכנישע דערגרייכונגען פון דעם מאָדערנעם ליד, כדי אויס־צומיידן דאָס צוגעגעסענע און באַנאַלע און צו קאָמפּענסירן ווי ווייט מעגלעך דעם נאַטירלעכן גראַמען־אוצר פון לערמאָנטאָווס שפּראַך.

אין אייניקע זאַכן האָב איך זיך געהאַלטן אינגאַנצן פריי פון גראַמען. די פאַלן זיינען אַגב געוויזן אין די באַמערקונגען צו די באַזונדערע לידער.

איך ווייס, אַז פעלערן זיינען אין דעם בוך פאַראַן. איך זע זיי אַליין זייער גוט. אָבער פיל גלויב איך, איז דאָ דערגרייכט געוואָרן אויך.

צום סוף ווילט זיך דערמאָנען. די יידישע דיכטונג האָט פון אַלעמאָל געהאַט אַ באַזונדער באַציִונג צו לערמאָנטאָוון און גע־

שטרעבט אים אַריינצוגעמען אין איר קרייז. פאַרשיידענע דיכטער האָבן זיך געפּרוווט דאָס צו טאָן. דאָס זיינען אָבער אַלעמאָל גע־בליבן צופעליקע, איינציקע, אָפּגעריסענע פּרוּוון. אויף „נאַנץ לער־מאָנטאָוו" האָט מען זיך ניט פאַרמאָסטן. אפשר איז טאַקע ביז איצט די צייט ניט געווען. זאָל־זשע דער דאָזיקער ערשטער פּרווו זיין אַ באַווייז פון אונזער אייגענער אויפגעוואַקסענער דיכטונג, וועל־כע קאָן זיך שוין אַזאַ פּריוו פאַרגינען.

מ. כאַשטשעוואַצקי.

# לערמאָנטאָוו.

דער רוסישער דיכטער מיכאַיל יוריעוויטש לערמאָנטאָוו איז גע־בוירן געוואָרן אין דער נאַכט אויפן 3טן אָקטאָבער 1814, אין מאָסקווע.

שטאַמען שטאַמט לערמאָנטאָוו פון שאָטלענדישן לערמאָנט, וועל־כער איז געכומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט אין דער אַזוי־גע־רופענער צייט פון מהומה (смутное время), אין אָנהייב XVII י״ה.

„זיין" שאָטלאַנד דערמאָנט אָפט דער יונגער לערמאָנטאָוו אין זיינע לידער („דער קבר פון אָסיאַן", „מיין וואונטש").

צווישן זיינע אורעלטערן איז, לויט דער לעגענדע, געווען דער שאָטלענדישער דיכטער און מכשף, טאָמאַס דער „בדחן", וועל־כער האָט זיין גאָב געקראָגן פון אַ מכשפה. לערמאָנטאָוו האָט די לעגענדע ליב געהאַט, ווי אויך די, וואָס פירט זיין שטאַם פון שפּאַנישן הוכוס (הערצאָג) לערמאַ. (זיינע בריוו פלעגט ער אָפט חתמענען לערמאַ).

דעם דיכטערס פאָטער יורי פּעטראָוויטש איז געווען שוין אַ פאַראָרעמטער אַדלמאַן, אַ יורד, אַ מיליטערישער עקס־קאַפּיטאַן: ער האָט געוואוינט אין זיין גוט — דאָס דאָרף קראָפּאָטאָווקע, טולער גובערניע, יעפרעמאָווער אויעזד. בשכנות האָט געוואוינט די רייכע און הויכגעשטעלטע אַדלפרוי יעליזאַוועטאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ אַרסעניעוו, געבוירענע סטאָליפין. דער אַרסעניעווס איינציקע טאָכטער, מאַריאַ מיכאַילאָוונאַ האָט זיך פאַרליבט אין דעם שיינעם קאַפּיטאַן לער־מאָנטאָוו און האָט פאַר אים חתונה געהאַט קעגן ווילן פון דער מוטער.

מאַריאַ מיכאַילאָוונאַ איז געווען אַ צאַרטע און אַ שוואַכע.

ווען זי איז געשטאָרבן איז דער זון קוים דריי יאָר אַלט געווען. דער דיכטער האָט זי קוים געדענקט, אָבער שטאַרק ליב געהאַט.

אַז די מוטער איז געשטאָרבן, האָט די רייכע און מאַכט־האָבנדיקע באָבע צוגענומען דאָס קינד צו זיך און צום איידעם האָט זי זיך אָנגעהויבן באַציען נאָך ערגער, ווי פריער. צווישן דעם פאָטער און דער באָבען זיינען פאָרגעקומען אָפטע קריגערייען, וועלכע דאָס קינד האָט זייער שטאַרק איבערגעלעבט. דער פאָטער האָט געסטראַשעט צונעמען דאָס קינד צו זיך, ביז די באָבע האָט אים אַוועקגעפירט אין איר גוט טאַרכאַן, פענזער גוב.

לערמאָנטאָווס קינדהייט איז געווען אַ טרויעריקע, הגם ער איז געווען אַרומגערינגלט מיט זאָרג און מיט ליבע. ער האָט איבערגע־טראָגן אויך עפעס אַ שווערע קראַנקהייט, פון וועלכער ער האָט אויף שטענדיק געקראָגן איינגעקרימטע פיס און אַ „זאָלאָטוכע". ער האָט זיך צוגעוווינט צו לעבן איינזאַם, אין טרוימען און אין מחשבות.

אַז ער איז אַלט געוואָרן צען יאָר האָט מען אים אַוועקגעפירט אויף קאַווקאַז זיך היילן. דאָרט האָט ער זיך צום ערשטן מאָל פאַרליבט. פון דעמאָלט שטאַמט אויך זיין צוגעבונדנקייט צו קאַווקאַז, וועלכע האָט זיך שוין קיינמאָל ניט איבערגעריסן.

צו עלף יאָר האָט מען פאַרן ייִנגל צוגענומען לערער. דאָס זיינען געווען — אַן אַנטלאָפענער גריך און אַ געפאַנגענער פראַנצויזישער אָפיציר. נאָכדעם האָבן זיי פאַרביטן אַ פראַנצויזישער עמיגראַנט און אַ ענגלענדער. די דאָזיקע לערער האָבן געלערנט ליב האָבן נאַפּאָלעאָנען און בייראָנען. אָבער לערמאָנטאָוו האָט מער געלערנט אַליין און פיל געלייענט פון קינדרווייז אָן.

צו 14 יאָר טרעט לערמאָנטאָוו איין אין מאָסקווער אוניווערסי־טעטישן פאַנסיאָן פאַר וואַיילגעבוירענע. דאָ, אונטער דער אָנפירונג פונם דיכטער מערזליאַקאָוו האָט מען די תלמידים געלערנט אָפּשיי צו האָבן פאַר ליטעראַטור. אין פאַנסיאָן איז געווען אַ געשריבענער זשורנאַל. אין דעם זעלבן יאָר הייבט לערמאָנטאָוו אָן צו שרייבן לידער. אַלס מוסטערן דינען אים פושקין, שילער און רוסאָ.

אין משך פון די קנאַפּע צוויי יאָר לערנען האָט לערמאָנטאָוו

ליב געקראָגן טעאַטער און איז געגאַנגען קוקן דעם באַרימטן אַר־
טיסט מאָטשאַלאָוו.

דאָ, אין מאָסקווע, האָט ער זיך באַקאַנט מיט זיין שוועסטערקינד
וואַרוואַראַ אַלעקסאַנדראָוונאַ לאָפּוכין, וועלכע האָט געוואוינט מיט
אים אין שכנות. זי איז געווען אין זיינע יאָרן, אַלט געווען אַ
יאָר 15 — 16. לערמאָנטאָוו האָט זי ליב געקראָגן אויפן גאַנצן
לעבן. אָבער צונויפגיין זיך מיט איר איז אים ניט באַשערט געווען.
זי האָט חתונה געהאַט אין 1835טן יאָר פאַר באַכמעטיעוון.

האַרבסט 1830 קומט לערמאָנטאָוו אָן אין מאָסקווער אוניווער־
סיטעט. דאָס לערנען אין אוניווערסיטעט איז בכלל געווען אַוועק־
געשטעלט ניט גלענצנד. עס זיינען געווען, פאַרשטייט זיך, סטו־
דענטישע קרייזלעך, די, אין וועלכע עס האָט זיך אַנטוויקלט דער
הויך פון בעלינסקי און הערצען. אָבער לערמאָנטאָוו האָט צו די
קרייזלעך קיין שייכות ניט. אים איז ליבער צו לעבן ווי אַ גרויסשטאָטישער
פראַנט. ער באַזוכט אַלע וואָך די גרויסאַרטיקע בעלער אין דער
„וואַילגעבוירענער פאַרזאַמלונג". דאָ האָט ער זיך צונויפגעשטויסן
מיט דער „וועלט", וועלכע האָט אים שפּעטער אַזוי פיל פּיין און
יסורים געקאָסט און דאָ האָט ער זיך אויסגעאַרבעט די געוויינהייט
צו אויסזען אַנדערש, ווי ער איז.

אין אוניווערסיטעט איז לערמאָנטאָוו אָפּגעזעסן קנאַפּע 2 יאָר.
פאַר זיינע עזות האָבן די פּראָפעסאָרן אים דורכגעוואָרפן אויפן עפנט־
לעכן עקזאַמען און אין האַרבסט 1832 איז לערמאָנטאָוו מיט דער
באָבען אַריבערגעפאָרן קיין פעטערבורג, וואו ער האָט געוואָלט אָנ־
קומען אין אוניווערסיטעט.

אָבער דאָ האָט מען אים פאָרגעלייגט זיך עקזאַמענירן באַנייס,
און דער דיכטער האָט אַ מאַך געטאָן דערויף מיט דער האַנט.
אים האָט שוין לאַנג געצויגן דער „שטורעם" און גלאַנץ פון מי־
ליטערישן לעבן. עס האָט אויך געווירקט די אַלגעמיינע שפּאָטישע
באַציִונג צו די שטאַטלייט (די וואָס דינען ניט אין דער אַרמיי)
און שוין אין נאָוועמבער 1832 איז לערמאָנטאָוו פאַררעכנט געוואָרן
אין שול פון די גוואַרדיע־יונקערס און סובפּראַפּאָרשטשיקעס — די קינפּ־
טיקע ניקאָלאַיעווער שול.

קורץ פאַר דעם אַריבערפאָרן קיין פעטערבורג איז געשטאָרבן זיין פאָטער.

די צוויי יאָר, וואָס לערמאָנטאָוו האָט פאַרבראַכט אין דער יונקער־שול און דערנאָך די צייט, וואָס ער איז געווען קאָרנעט פון לייב־גוואַרדעיִשן הוזאַרן־פאָלק, האָבן אים געענדערט פיזיש און גייסטיק. ער האָט געהוליעט מיט די חברים, געשריבן גראָבע אומ־אָנשטענדיקע לידער און האָט זיך אויף שטענדיק אויסגעלערנט צו איסזען ניט דער, וואָס ער איז באמת.

און אַזוי איז עס געגאַנגען, ביז דער טראַגישער טויט פון פושקינען (יאַנואַר 1837) האָט אים ניט אַרויסגעצויגן פונם צע־הוליטן ווירוואַר פונם גרויס־שטעטישן לעבן. די ליד אויפן טויט פון פושקין האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם און געשאַפן לערמאָנטאָוון אַ שם. דאָס איז געווען דאָס יאָר פון דעם גרויסן איבערבראָך אין לערמאָנטאָווס לעבן און שאַפן. פושקינס יורש, שאַפט ער פאַר די לעצטע 4 יאָר פון זיין לעבן די גרעסטע זיינע ווערק.

פאַר דעם ליד אויפן טויט פון פושקין ווערט ער פאַרשיקט אויף קאַווקאַז. דאָס מאָל האָט די פאַרשיקונג ניט געדויערט. נאָך אין אָקטאָבער פון דעם זעלבן 1837טן יאָר ווערט ער, לויט דעם קיסרס באַגנעדיקונג, אַריבערגעפירט אין גראָדנער הוזאַרן־פאָלק, אין נאָווגאָראָד. ער פאַרברענגט אַ שטיקל צייט אין סטאַווראָפּאָל, וווּ ער באַקענט זיך מיט די דעקאַבריסטן (די פאַרמשפטע פאַרן אויפ־שטאַנד דעם 25טן דעצעמבער 1824) און אין יאַנואַר 1838 איז ער שוין ווידער אין פעטערבורג.

לערמאָנטאָוו פירט באַניַיס אַ ברייט גרויסוועלטיש לעבן, הגם אַזאַ לעבן פייניקט אים שוין פון לאַנג. אויפן ניי־יאָריקן באַל אין דער וואוילגעבוירענער פאַרזאַמלונג באַגייט ער זיך זייער עזותדיק מיט פאַרמאַסקירטע הויכגעשטעלטע לייט. האַלב פעברואַר קומט פאָר אַ צונויפטרעף צווישן אים און דעם זון פונם פראַנצויזישן געזאַנדטן — באַראַנט איבער אַ פרוי און צווישן זיי קומט פאָר אַ דועל. באַראַנט האָט אויסגעשאָסן און ניט געטראָפן און לערמאָנטאָוו שיסט אויס בכיוון אין אַ זייט. לערמאָנטאָוו ווערט אַרעסטירט און

אין אַפּריל 1840 איז ער שוין ווידער פאַרשיקט אויף קאַווקאַז, אין טענגינער פוסגייער פּאָלק.

דער זומער איז דורך אין מיליטער אָפּעראַציעס. דאָס איז געווען די צייט פון באַהערשן קאַווקאַז. טאָג־טעגלעך קומען פאָר שטרייטן און צוזאַמענשטויסן מיט די קריגערישע בערג־תושבים. לערמאָנטאָוו נעמט אין זיי דעם טעטיקסטן אָנטייל. ווי גלייך ער זוכט דעם טויט. אין שפּיל פון אַ מחנה ווילדע יונגען פאַלט ער אָן אויף די אַולן (בערגישע ישובים) פון די טשעטשענער און שאַנעוועט ניט קיינעם.

יאַנואַר 1841 באַקומט לערמאָנטאָוו אורלויב און קומט קיין פּעטערבורג. נאָר צוליב זיין „עזות" צו ווייזן זיך גלייך אויף אַ באַל, וואו עס זיינען געווען הויכגעשטעלטע פּערזאָנען, ווערט ער אַרויסגעשיקט צוריק אויף קאַווקאַז אין משך פון 48 שעה. מיט שווערע פאָרגעפילן וועגן נאָענטן טויט פאָרט לערמאָנטאָוו אַוועק.

אַ קראַנקער, אַ פאַרמאַטערטער שטעלט ער זיך אָפּ אין פּיאַטיגאָרסק צו היילן זיך. דאָ, אין הויז פון זיינע באַקאַנטע, ווערזילינס, טרעפט ער זיך מיט זיינעם אַ שול־חבר פון דער קאַוואַלעריע־שול, דעם עקס־מאַיאָר מאַרטינאָוו.

איבער עפּעס אַ קלייניקייט, אַ שטעך־ווערטל מצד לערמאָנטאָוון אויפן חשבון פון מאַרטינאָוון, רופט יענער אים אַרויס אויף אַ דועל.

אין דעם 15טן יולי, 7 אַזייגער פאַרנאַכט איז דער דועל פאָרגעקומען. לערמאָנטאָוו איז געווען רויק, ער האָט געשמייכלט און דעם פּיסטאָלעט אויפגעהויבן מיט דער רער אַרויף. אָבער מאַרטינאָוו איז האַרט צוגעגאַנגען צום באַריער, אָנגעצילט זיך און אויסגעשאָסן. לערמאָנטאָוו איז אומגעפאַלן טויט אויפן אָרט. אַ גאַנצע נאַכט איז געגאַנגען אַ שלאַקס־רעגן.

די אָפיציעלע ידיעה וועגן לערמאָנטאָווס טויט איז געווען אַזאַ:
„דעם 15טן יולי, ביי 5 אַזייגער פאַרנאַכט האָט אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכער שטורעם מיט דונערן און בליצן. איז דער זעלבער צייט איז צווישן די בערג מאַשוק און בעשטאַו געשטאָרבן מ. י. לערמאָנטאָוו, וועלכער האָט זיך געהיילט אין פּיאַטיגאָרסק".

איף לערמאָנטאָװס דענקמאָל אין דאָרף טאַרכאַן, פּענזער גוב. װאוהין דעם דיכטערס קערפּער איז אַריבערגעטראָגן געװאָרן אין 1842טן יאָר, שטײט אָנגעשריבן, אַז דער דיכטער האָט געלעבט 26 יאָר מיט 10 חדשים.

---

# דאָס געזאַנג

## וועגן דעם צאַר איוואַן וואַסיליעוויטש[1], וועגן דעם יונגן אָפּריטשניק[2] און וועגן וואוילן סוחר קאַלאַשניקאָוו.

אָך, הי, הוי דו ביסט, צאַר איוואַן וואַסיליעוויטש!
וועגן דיר האָבן מיר דאָס געזאַנג געמאַכט
וועגן דיין באַליבטסטן פון די אָפּריטשניקעס
און וועגן דרייסטן סוחר קאַלאַשניקאָוו.
דאָס געזאַנג געמאַכט אויפן אַלטן שניט
און געזונגען דאָס אונטערן צימבל־געקלאַנג
און מיט ריידעלעך און מיט ביווערטעלעך.
האָט געקליבן נחת דאָס גלייביקע פאָלק
דער באָיאַרין[3] מאַטוויי ראָמאָדאַנאָווסקי
האָט שיניקן מעד אונז אַ כּוס דערלאַנגט.
זיין באָיאַרינע, די ווייס־עזיכטיקע
האָט אַ האַנטוך אַ נייעם מיט זייד באַנייט
אונז דערלאַנג אויף אַ טאַץ, אויף אַ זילבערנער.
מע האָט מכבד געווען אונז דריי טעג מיט דריי נעכט
ס׳האָבן אַלע געהערט, זיך ניט אָנגעהערט.

I

ניט אַ העלע זון אינם הימל שיינט
ניט קיין בלייע וואָלקנס אין זון שפּיגלען זיך:

---

1 צאַר איוואַן וואַסיליעוויטש, דער גרויזאַמער — אַ רוסישער מלך.
2 אָפּריטשניק — אַ לייב־היטער, דעם מלכס.
3 באָיאַרין, באָיאַרינע — די הויכע לייט, דעם מלכס ראַטגעבער.

ביי דעם מאָלצייט זיצט אין זיין גאָלדערנער קרוין
זיצט דער גרויזאַמער צאַר איוואַן וואַסיליעוויטש.
אונטן שטייען גרייט זיינע סטאָלניקעס[1]
אין אַקעגן — באָיאַרן און פירשטן נאָר
ביי דער זייט אַלע זיינע אָפּריטשניקעס;
אין דעם מאָלצייט ער ריכט אויף צו לויבן גאָט
זיך אַליין אַ פאַרגעניגן און וואויל צו טאָן.

גיט אַ שמייכל דער צאַר, אַ באַפעל ער גיט
צו צאַפּן אין קאָרט זיינער גאָלדענער
פונם זיסן וויין פונם איבערלענדישן
און דערלאַנגען אים אַלע אָפּריטשניקעס.
— טרינקען אַלע אים און מע לויבט דעם צאַר.

און נאָר איינער פון זיי, די אָפּריטשניקעס,
דער פאַרשייטער קריגער, דער וואוילער יונג,
אין דער גאָלדענער קאָרט ניט ער נעצט קיין וואָנס,
לאָזט אַראָפּ צו דער ערד בליקן טונקעלע
לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ אויף דער ברייטער ברוסט
און אַ שווערן געדאַנק אין האַרץ וואַרעמט ער.

האָט פאַרצויגן דער צאַר ברעמען פינסטערע
און ער צילט אין אים שאַרפע בליקן אָן
ווי אַ שפּאַרבער קוקט פון דער הימל־הויך
אויף אַ יונגער טויב, אַ גרויפליגלשער —
נאָר דער וואוילער יונג הייבט קיין אויג ניט אויף.
גיט דער צאַר אַ קלאַפּ מיט זיין שטאָק אין דיל,
שלאָגט דעם דעמבן־דיל אויף אַן אַכטל הויך
מיט דעם שטעקן־שפּיץ, מיט דעם אייזערנעם, —
נאָר עס גיט זיך קיין ריר ניט דער וואוילער יונג.

1 סטאָלניק — אַ טיש־באַדינער, סאַרווער.

און אַ גרויזאַם וואָרט גיט דער צאַר אַ זאָג, —
האָט דער ווילער יונג דעמאָלט אויפגעוואַכט.
„הײַ, מײַן טרײַער קנעכט, קיריבײעוויטש,
האָסט פֿאַרטראַכט אַ געדאַנק אַ אומווערדיקן?
צי איִיף אונזער רום אונז מקנא ביסט?
צי געטרײַע דינסט האָט דערעסן דיר?
ווען די לבנה גייט אויף, פֿרייען שטערן זיך,
אונטער הימלען גיין ווערט זיי ליכטיקער.
און אַ וואָסערער זיך אין וואָלקנס באַהאַלט
רײַסט אַראָפּ זיך דער, פֿאַלט צו דער ערד אַראָפּ.
ניט עס פּאַסט דיר גאָר, קיריבײעוויטש,
מיט דער צאַרישער פֿרייד זיך צו מיאוסן;
אַז אַליין ביסט דאָך פֿון סקוראַטאָווס[1] שטאַם,
און מאַליוטעס הויז אַ דערצויגענער".

און עס ענטפֿערט אַזוי קיריבײעוויטש
ביזן גאַרטל פֿאַרנייגט פֿאַרן גרויזאַמען:

— האַר דו אונזערער, איוואַן וואַסיליעוויטש,
אָ, ניט שטראָף דײַן קנעכט דעם אומווערדיקן.
ניט פֿאַרגיסן מיט ווײַן איז דאָס הייסע האַרץ
און דעם שוואַרצן געדאַנק ניט פֿאַרשיכּורן!
כ'האָב דערצאָרנט דיך, — ווײַז דײַן מלכות קראַפֿט
היים צו טויטן מיך, דעם קאָפּ אָפּהאַקן...
עס באַשווערט דער קאָפּ מײַנע אַקסלען גבֿורשע
און אַליין צו נאַסער ערד ער פֿאַרבייגט זיך שוין.

זאָגט אַזוי אים דער צאַר איוואַן וואַסיליעוויטש:
„ווען וואָס האָסטו, יונג, זיך צו קימערן?

---

1 מאַלוטאַ סקוראַטאָוו — דער הויפּט פֿון אָפּריטשניקעס, באַרימטער הענקער און מערדער — געוואָרן אַ שם־נרדף פֿאַר תּלינים־מאַכטהאָבער.

האָט געשטיקטער איבערשט זיך צעריבן שוין?
האָט דאָס היטל צעקנייטשט זיך, דאָס סיבלנע?
צי דאָס געלט דיינס האָסטו צעפּטרט שוין?
צי געשטאָלטע שווערד האָט פאַרהאַקט זיך שוין?
צי עס הינקט דיין פערד, שלעכט געקאָוועטער,
צי געוואָרפן צו דר'ערד האָט אין פויסטן־געפעכט
איינער מאָסקווע־טייך דיך אַ סוחר־זון?"

און עס ענטפערט אַזוי קיריבייעוויטש
מיט אַ שאָקל פון קאָפּ פון געקרייזלטן:

„ס'איז ניטאָ די האַנט די באַשוואוירענע
אין באָיאַרן־שטאַם, ניט אין כותרישן
און מיין סטעפּ־אַרגאַמאַק[1] גייט אַ פיילעכער
און ווי גלאָז ברענט מיין שווערד די געשליפענע.
און אין יום־טוב־טאָג מיט דיין צאַרישן גנאָד
בין ניט ערגער ווי אַנדערע אויסגעפּוצט.

אַז איך זעץ זיך און רייט אויף מיין וואוילן פערד
אונטער מאָסקווע טייך, אַ שפּאַציר צו טאָן,
אָנגעגורט מיט אַ גאַרטל אַ זיידענעם,
אויף אַ זייט פאַרלייגט היטל סאַמעטנס,
וואָס מיט סיבל מיט שוואַרצן אַרומגעברעמט, —
ביי די טויערן דאַן, ביי די הילצערנע,
שיינע מיידלעך שטיין, יונגע ווייבעלעך,
און באַקוקן מיך, און באַריידן מיך,
בלויז נאָר איינע ניט קוקט און ניט שפּיגלט זיך,
מיט אַ דעקטוך און פאַסן פאַרדעקט זי זיך...

אין דער הייליקער רוס, אונזער מוטער־לאַנד
איז אַ שיינע אַזאַ ניט צו אויסזוכן.

1 ארגאמאק — א פערד פון אראבישן שטאם.

גיין גייט זי גרינג, ווי אַ שוואַנפֿויגל,
קוקן קוקט זי זיס, ווי אַ טייבעלע,
גיט אַ רייד אַ וואָרט — זינגט אַ נאַכטיגאַל,
און עס ברענען אירע באַקן די פּורפּלנע,
ווי עס ברענט די זון אינם הימל־ראַנד.
צעפּ די בלאָנדע אירע, די גאָלדענע,
און די סטענגעס די העלע פֿאַרפלאָכטענע,
אויף די אַקסלען זיי לויפֿן, זיי שלענגלען זיך,
מיט דער ברוסט מיט דער ווייסער זיי קושן זיך
און זי שטאַמט פֿון אַ הויז פֿון אַ סוחרישן
און מען רופֿט זי אַלענאַ דמיטריעוונאַ.

קיים דערזע איך זי, בין איך מער ניט איך;
לאָזן הענט זיך אַראָפּ מײַנע קרעפּטיקע,
ווערן אויגן פֿאַרטונקלט די ליכטיקע.
ס'איז מיר אומעטיק, פּראַוואָסלאַוונער צאַר,
אויף דער וועלט אַליין צו אַרומבלאָנקען.
ס'האָבן פֿערד מיר, די גרינגע, דערעסן שוין
און דערעסן מלבושים, די גאָלדענע,
און איך דאַרף ניט קיין געלט און סע גייט מיר ניט.
אַז מיט וועמען דאָס געלט וועל איך טיילן איצט?
און פֿאַר וועמען באַווייזן מײַן שטאָלציקייט?
מיט מלבושים פֿאַר וועמען זיך אויסשטעלן?
לאָז מיך אָפּ אין די סטעפּן די וואָלגישע
אויף אַ פֿרייען לעבן אַ קאָזאַקישן.
כ'וועל אַוועקלייגן דאָרט מײַן פֿאַרשייטן קאָפּ
דאָרטן לייגן אויף שפּיז בוסורמאַנישן[1]
און צונעמען וועלן זיך בייזע טאָטערן
ווער דאָס גוטע פֿערד, ווער די שאַרפֿע שווערד
ווער דעם שלאַכטן־זאָטל, דעם טשערקאַסישן.

---

[1] בוסורמאַן — אַ אומגלויביקער — ניט פֿון דער קריסטלעכער אמונה. דאָ מיינט עס די טאָטערן.

מיינע אויגן די טרעריקע וועט דער שבאַבער אויספּיקן
ביינער עלנט וועט דער רעגן אויסוואַשן
און אָן קבורה וועט מיין פּאַלאַץ געבּיין
אין אַלע פיר זייטן צעווייען זיך"...

און עס זאָגט מיט אַ לאַך איוואַן וואַסיליעוויטש:

„נו, מיין טרייער קנעכט! איך בין גרייט אין דיין ביין,
אין דיין צער בין איך גרייט צו באַהילפיק זיין.
נאַדיר, נעם מיין רינג די בריליאַנטענע
און אַ האַלז־באַנד דו נעם און אַ פּערלנעם.
קריג אַ פּריער אַ בריה אַ שדכנטע
און שיק צו די געשאַנקען די קאָסטבאַרע
צו דיין שיינער אַלענאַ דמיטריעוונאַ.
און געפעלסטו איר — שפּיל אַ חתונה
און געפעלסט ניט — האָב קיין פאַריבל ניט".

אָך, ה' הוי, דו צאַר איוואַן וואַסיליעוויטש!
ס'האָט דיין פאַלשער קנעכט האָט דיך אָפּגענאַרט
ניט געזאָגט האָט דיר אמת און ריכטיקן,
ניט באַוואוסטיקט דיך, אַז דאָס שיינע ווייב
האָט אין קליסטער לאַנג פאַרקוסט זיך שיין
און פאַרקנסט זיך שוין פאַר אַ סוחר־יונג
און לויט אונזער געזעץ, לויטן קריסטלעכן.

---

אוי, טוט חברה זינגען, זאָלן צימבלען קלינגען.
טרינקט דעם וויין דעם זיסן, זאָלט אַ עסק וויסן.
און אַ נחת טוט דעם וואוילן באָיאַרין אָן
דער באָיאַרינע זיין וויסגעזיכטיקער.

## II

ביי זיין טיש אין קראָם יונגער סוחר זיצט,
זיצט דער שלאַנגער יונג סטעפּאַן פּאַראַמאָנאָוויטש —
מיטן ביינאָמען קאַלאַשניקאָוו.

ליגט פונאַנדער די סחורות, די ווידענע,
און מיט זיסע רייד ער פאַרבעט די געסט.
ער ציילט איבער דאָס גאָלד און דאָס זילבערגעלט.
ניט קיין גוטער טאָג האָט זיך אויסגעשטעלט
רייכע פריצים גייען פאַרביי דער קלייט
און אין קלייט צו אים זיי פאַרקוקן ניט.

אָפּגעקלונגען אין קלויסטערס מ'האָט צו נאַכט־געבעט.
אונטער קרעמל ברענט דער פאַרגאַנג געפלדיק.
ליפּן וואָלקנדלעך אויפן הימל אָן —
אַ געוויטער־ווינט יאָגט זיי זינגענדיק.
שליסט פאַרשליסט דאַן סטעפּאַן פאַראַמאָנאָוויטש
זיין קלייטל מיט אַ טיר מיט אַ דעמבענער
מיט אַ פעסטן שלאָס, מיט אַ דייטשישן.
בייזן בילער־הונט, דעם שאַרפציינינקן
איך אַ קייט ער פאַרבינדט, איך אַן אייזערנער,
און אַהיים צו זיך אַ פאַרקלערטער גייט
צו זיין יונגן ווייבל אונטער מאָסקווע־טייך.

און ער קומט אַהיים אין זיין הויכער שטוב
און עס וואונדערט זיך סטעפּאַן פאַראַמאָנאָוויטש: —
עס באַגעגנט אים ניט זיין יונגע פרוי,
מיט ווייסן טישטוך דער טיש איז ניט צוגעדעקט,
פאַר איקאָנעס צאַנקט קוים דאָס ליכטעלע.
און ער רופט צו זיך די אַלטע דינערין:
„אוי דו זאָג מיר נאָר, זאָג יערעמייעוונאַ,
וואו פאַרפאַלן איז, וואו פאַרטייעט זיך
האָט אין שפּעטער שעה אַלענאַ דמיטריעוונאַ
און די קינדערלעך מיינע, וואָס מאַכן זיי,
צי זיך אָנגעלאָפן און זיך אָנגעשפּילט
און פאַרפּיי דערפאַר זיך אין בעט באַלייגט?"

— האַר הי מײנער, סטעפאַן פּאַראַמאָנאָװיטש,
כ'װעל דערצײלן דיר גאָר עפּעס װאונדערלעכס:
ס'איז צו נאַכט־דינסט געגאַנגען אַלענאַ דמיטריעװנאַ
האָט שױן דער גלח זיך געקערט מיט דער גלחטע
און געזונגען שױן ליכט, עכן אָװנט־ברױט,
און ביז איצטער האָט דײן באַלעבאָסטעלע
פונם קלױסטערל נאָך זיך ניט אומגעקערט
און די קינדער דײנע, די קלײנינקע,
ניט געלײגט האָבן זיך, ניט זײ שפּילן זיך,
װײנען־יאָמערן, זײ ניט אײננעמען.

און פאַרטראַכט זיך שװער אַ צעטומלטער
האָט דער יונגער מוחר קאַלאַשניקאָװ.
איז צום פענסטער צו, קוקט אין גאַס אַרױס.
איז די נאַכט אין גאַס אַ שטאָק־פינצטערע,
װײסע שנײ זיך שיט, ברײט זיך שפּרײטנדיק
און די שפּורן פאַרשיט ער די מענטשישע.
אָט דערהערט ער אין הױז גיט די טיר אַ קלאַפּ,
דערנאָך הערט ער טריט האַרטן האַסטיקע.
גיט אַ קער זיך, אַ קוק — גאָט אַלמעכטיקער!
ער דערזעט פאַר זיך שטײן זײן יונגע פרױ.
שטײט אַ בלײכע אַזאַ מיט די הױלע האָר,
מיט די בלאָנדע צעפּ, מיט צעשױבערטע,
מיט דעם װײסן שנײ־טױ פאַרשאָטענע
איגן קוקן צעמישט װי אומזיניקע,
ליפּן מורמלען רײד אומפאַרשטענדלעכע.

װאו זשע האָסטו מײן װײב זיך אַרומגעשלעפּט
אין אַ הױף, אױף אַ פּלאַץ, אױף אַ װאָסערן,
װאָס צעשױבערט זײנען די האָר בײ דיר,
װאָס דאָס קלײד אױף דיר איז צעצױפּט־צעפּיקט?
האָסט געטרונקען שױן און געהוליעט װאו
מיט די זינדעלעך מיט די באָיאַרישע?

ניט דערזיף פאַר איקאָנעס, פאַר היילִיקע
האָבן מיר מיין ווייב זיך פאַרקנסט מיט דיר
זיך מיט רינגען געביטן מיט גאָלדענע.
אַז איך איזוערנעם שלאָס כ'וועל פאַרשליסן דיך
אינטער דעמבענער טיר, דער געקאָוועטער,
אַז ניט זען קיין שיין זאָלסטו קיין ליכטיקע,
מיין נאָמען מיין ריינעם ניט שוואַרצן מער.

אין דערהערט האָט דאָס אַלענאַ דמיטריעוונאַ
איז פאַרציטערט געוואָרן מיין טייבעלע
אין זי טרייסלט זיך ווי אַ יאַסען־בלאַט.
ביטער־ביטער צעוויינט, צעיאָמערט זיך
אין צו פיס דעם מאַן האָט אַ פאַל געטאָן:

הי מיין האַר, מיין זון, די מיין ליכטיקע,
אָדער הרגע מיך, אָדער הער מיך אויס!
דיינע רייד פאַר מיר זיינען מעסער שאַרף
דאָס האַרץ מיינס פון זיי צעריסן ווערט.
איך האָב ניט קיין מורא פאַרן בייזן טויט,
כ'האָב קיין מורא ניט פאַר מענטשנס רייד,
מורא האָב איך פאַר דיין אומגנעדיקייט.

איך גיי אַהיים אָקאָרשט פון דער נאַכט־געבעט
דורך דער גאַס איך גיי איין־אַליינִיקע
אין כ'דערהער, מיר דאַכט, ווי עס קריצט דער שניי,
כ'קוק זיך אום — איך זע, ווי אַ מענטש זיך יאָגט,
האָבן מיינע פיסעלעך זיך אינטערגעהאַקט,
האָב מיט דעקטוך פאַרדעקט זיך מיט ויידענעם.
פאַר די הענט האָט מיך דער מענטש אָנגעכאַפּט
אין אַזוי שטילערהייט מיר האָט איינגערוימט:
— אָ ניט שרעק זיך, מיין שיינהייט, מיין ליכטיקע,
ניט קיין גנב איך בין, ניט גזלן איך,

נאָר אַ קנעכט פֿון צאַר, פֿון דעם גרױזאַמען.
הױפֿן הױפּט מען מיך קריבײעװיטש
פֿון דעם פֿײנעם הױז, פֿון מאַלוטעם הױז... —

אַז נאָך שטאַרקער װי פֿריער כ'האָב דערשראָקן זיך
און עס האָט זיך פֿאַרדרײט מיר מײן קעפּעלע:
און גענומען האָט קושן און האַלזן מיך,
און קושנדיק מיך נעמט ער צורײדן:
— זאָג מיר, ענטפֿער מיר, װאָס פֿאַר־לאַנגען װעסטו
די מײן טײערע, מײן ליבהאַרציקע,
צי פֿאַרלאַנגסטו גאָלד, אָדער פּערל װילסטו,
צי קאָלירטן שטאָף, שטײנער אײדעלע?
װי אַ מלכּה דיך װעל איך אױספּוצן,
אַז עס װעלן דיר אַלע מקנא זײן
נאָר מיט זינדיקן טױט לאָז מיך ניט אומקומען:
שענק דײן ליבע מיר, נעם אַרומעט מיך
כאָטש אײן אײנציק מאָל צום צעשײדן זיך!

און ער קושט און האַלזט און ער צערטלט מיך.
איך די באַקן בײ מיר ברענען איצטער נאָך
און צעגיסן זיך װי אַ פֿײער־בראַנד
זײנע קושן אָט די בײז פֿאַרשאָלטענע.
און געזען הורך דער טיר האָבן שכנימלעך
און געלאַכט און מיט פֿינגער געטײטלט נאָך.

אַז אַ ריס געטאָן כ'האָב זיך פֿון הענט זײנע
און געשװינד אַהײם כ'האָב געלאָזן זיך,
איז געבליבן אין הענט בײ דעם מערדער דאָרט
מײן געקװײטלט טוך — דײן מתּנהלע,
און מײן דעקטוך מיט אים, דער בוכאַרישער.
מיך צו שפּאָט געמאַכט און צו שאַנד האָט ער,
מיך די אָרנטלעכע און די װײבערע.

וואָס זאָגן נאָך די בייזע שכנימלעך
און ווי וועל איך פאַר לייטן באַווייזן זיך.

גיב ניט איבער מיך, דיין געטרייע ווייב.
בייזע אָפּשפּעטערס אויף צו אָפּשפּעטן.
אַז אויף וועמען אַחוץ דיר כ'זאָל פאַרלאָזן זיך?
און צו וועמען נאָך הילף זאָל איך אָנקומען?
אַ יתומה בין איך אויף דער ווייסער וועלט,
אַז מיין פאָטער ער ליגט אין דער נאַסער ערד
לעבן אים דאָרטן ליגט אייך מיין מוטערל
און מיין עלטערער ברודער, איז באַוואוסט דאָך דיר,
און דער ווייטער פרעמד איז פאַרפאַלן וואו.
און דער ייִנגערער איז אַ קינד נאָך גאָר,
איז אַ קינד אַ קליינס אַ ניט פאַרשטאַנדיקעס.

האָט אַזוי געזאָגט אַלענאַ דמיטריעוונאַ
און מיט טרערן מיט הייסע באַגאָסן זיך.

און עס שיקט דאַן סטעפּאַן פּאַראַמאָנאָוויטש
נאָך די ברידער די צוויי זיינע ייִנגערע.
קומען ברידער צו גיין און פאַרנויגן זיך
און אַ וואָרט אַזאַ צו אים זאָגן זיי:

די באַוויסיק אונז, ברודער עלטערער
וואָס געשען איז מיט דיר, וואָס פאַרלאָפן זיך,
וואָס געשיקט נאָך אונז האָסטו אין דער טונקעלער נאַכט
אין דער פינסטערער נאַכט, דער פּראָסטיקער?

כ'וועל דערציילן אייך, ברידער האַרציקע,
אַז אַ גרויסע בייז האָט מיט מיר געטראָפן זיך.
אונזער ריינע שטוב האָט צו שאַנד געמאַכט
בייזער צאַרישער דינער קיריבייעוויטש.

ס'וועט די עוולה דאָס האַרץ מײַנס ניט אויסטראָגן,
ניט פֿאַרליידן דאָס האַרץ וועט דאָס וואַילערשע.
און אַז מאָרגן זײַן וועט אַ פּויסט-געפּעכט
אויפֿן מאָסקווע-טײַך פֿאַרן צאַר אַליין
קעגן אָפּריטשניק וועל איך אַרויסגיין
און זיך שלאָגן אויף טויט ביז די לעצטע קרעפֿט.
וועט ער בײַקומען מיך — דאַן גייט איר אַרויס
פֿאַרן אמת, פֿאַרן רעכטן, פֿאַרן הייליקן.
ניט דערשרעקט זיך, ברידער ליבהאַרציקע
איר זײַנט ייִנגער פֿון מיר, פֿרישער קרעפֿטיקער
און נאָך ווייניקער זינד אויף אײַך הייערן,
וועט זיך אפֿשר אויף אײַך גאָט דערבאַרעמען.

און די ברידער צו אים זאָגן-ענטפֿערן:

וואו עס בלאָזט דער ווינט אונטער הימל-הייך,
אַהין יאָגן זיך וואָלקנס געהאָרכזאַמע;
ווען מיט הייכן קול גרויער אָדלער רופֿט
אינם טאָל פֿון געפֿעכטן אינם בלוטיקן,
פֿליען-פֿאָלגן אים יונגע אָדלערלעך.
אונזער כבוד ביסטו, צווייטער פֿאָטער אונז
טו אַליין, ווי דו ווייסט, ווי צו טאָן פֿאַרשטייסטו
און מיר וועלן דיך, ברודער, ניט אַרויסגעבן.

אוי טוט חברה זינגען, זאָלן צימבלען קלינגען
טרינקט זיך ווײַן דעם זיסן, זאָלט אַ עסק וויסן
און אַ נחת טוט דעם וואָילן באָיאַרין און
דער באָיאַרינע דער ווייסגעזיכטיקער.

III

איבער מאָסקווע שטאָט דער גרויסער, דער גאָלדקעפּיקער,
איבער וואַנט דער קרעמלשער דער ווײַסשטייניקער,

פֿון די ווייטע וועלדער פֿון די בלויע בערג,
איבער הילצערנע דעכער זיך שפּילנדיק,
וואָלקנס גרייזגרויע און צעטרייבנדיק,
גייט באַגינען אויף, גייט די מאָרגנרויט.
און זי שפּרייט אירע לאָקן די גאָלדענע,
וואַשט אַהם זיך מיט שנייען צעשאָטענע
ווי אַ שיינע פּריי אין אַ שפּיגעלע
קוקט אין הימל אין קלאָרן און שמייכלט זיך.
איי, צו וואָס האָסטו מאָרגנרויט אויפגעוואַכט?
און פֿון וואָס פֿאַר אַ פֿרייד זיך צעשפּילט האָסטו?

אַז צונויפגעקומען זיך צונויפגעגאַן
זיינען פֿעכטער געשיקטע די מאָסקעווער
אויפֿן מאָסקווע-טייך און אויף פּוסט געפֿעכט
לכּבֿוד יום-טובֿ אַ שפּיל טאָן, אַ הוליע טאָן,
איז געקומען דער צאַר מיט די לייב-היטער
מיט באָיאַרן און מיט אָפּריטשניקעס
און אַ זילבערנע קייט הייסט ער אויסציען
וואָס פֿון גינגאָלד און רינגען צונויפגעשמידט
פֿינף-און-צוואַנציק איילן אַרומגעצאַמט.
פֿאַר אַ פֿרייען געפֿעכט פֿאַר אַ צווייענקאַמף.
און באַפֿוילן האָט דער צאַר איוואַן וואַסיליעוויטש
מיט אַ הויכן קול אַ רוף אויסרופֿן:
— איי, וואו זיינט איר, די יונגען די וואוילערשע?
אונזער פֿאָטער, דעם צאַר, טוט אַ נחת אָן,
קומט אַרויס אַהער אין דער ברייטער ראָד.
ווער ס'וועט בייקומען — דעם באַלוינט דער צאַר
און ווער פֿאַלן וועט — וועט גאָט מוחל זיין.

גייט אַרויס דער געשיקטער קיריבייעוויטש
און דעם צאַר ביזן גאַרטל פֿאַרנייגט ער זיך.
ער וואַרפֿט פֿון אַקסלען אַראָפּ פֿוטער סאַמעטענעם

מיט דער רעכטער האַנט ער שפּאַרט אונטער זיך
מיט דער צווייטער פאַרריכט היטן היטעלע
און אַזוי ער דערוואַרט אַ קעגנער זיך.
דריי מאָל הייכער רוף איז גערופן שוין
נאָר עס רירט זיך נאָך ניט קיין איינציקער
נאָר מע שטייט מע שטופּט אונטער דעם אַנדערן.

ברייט אין ראָד גייט אַרום קיריבייעוויטש
און פון שוואַכע פעכטער לאַכט ער איסעט זיך:

— אַ, אַ, זיך פאַרקלערט און דערשראָקן זיך!
נו זאָל זיין. און לכּבֿוד דעם יום־טובֿ־טאָג
זאָג איך צו און כ'וועל אָפּלאָזן לעבעדיק,
נאָר אַ נחת כ'וועל טאָן אונזער צאַר־פאָטערל.

דאָ צעריקט זיך המון, און אַ וואַרע מאַכט —
עס באַווייזט זיך סטעפּאַן פּאַראַמאָנאָוויטש,
דער געשיקטער מוחר, דער וואוילער יונג,
וואָס מע רופט איםביים נאָמען קאַלאַשניקאָוו.
פאַרנייגט זיך צוערשט פאַרן גרויזאַמען,
און דערנאָך פאַר ווייסן קרעמל מיט די קלויסטערס דאָרט,
און צולעצט גאָר פאַר פאָלק פאַר דעם רוסישן.
ברענען אויגן ביי אים זיינע אָדלערשע
איך אָפּריטשניק ווי קוקן איין זיך שאַרף
און אַנטקעגן אים שטעלט ער אַנידער זיך
און ציט אָן צום געפעכט זיינע הענטשקעס
גיט אַ גלייך זיינע אַקסלען די קרעפטיקע
און ער גלעט זיך די באָרד די געקרייזלטע.

און עס זאָגט צו אים קיריבייעוויטש:

— איז באַוויסיק מיך איצטער וואוילער יונג

פֿון אַ שטאָם, פֿון אַ וועלכן שבט ביסט
ווי אַזוי מע רופֿט ביי דעם נאָמען דיך
מע זאָל וויסן שוין ווּעמען מזכּיר זיין
עס זאָל זיין מיט וואָס צו באַרימען זיך.

און עס ענטפֿערט סטעפּאַן פּאַראַמאָנאָוויטש:

ר׳הפֿן רופֿט מען מיך סטעפּאַן קאַלאַשניקאָוו
פֿון אַ פֿאָטער איך שטאַם פֿון אַן ערלעכן.
און געלעבט כ׳האָב ווי גאָט האָט געבאָטן אונז
ניט געשענדעט כ׳האָב קיין פֿרעמדע ווייב
ניט געגזלט אין נאַכט אין אַ פֿינסטערער
פֿאַר דער הימלשיין ניט פֿאַרבאָרגן זיך
און געזאָגט אָקאָרשט רעכטן אמת האָבט,
אַז שוין איינעם פֿון אונז וועט מען מזכּיר זיין
און ניט שפּעטער ווי מאָרגן, אום האַלבן טאָג
און עס וועט פֿון אונז איינער באַרימען זיך,
מיט די פֿריינד זיינע וואָיילע פֿאַרברענגענדיק.
ניט שפּאַסן קיין שפּאַס, פֿון לייט אָפּלאַכן
כ׳בין צו דיר אַרויס אַצינד בוסורמאַנען־זון,
כ׳בין אַרויס צום בייזן געפֿעכט, צו דעם לעצטן געפֿעכט.

און דערהערט האָט דאָס קיריבייעוויטש,
איז געוואָרן וויים, ווי דער שניי אין האַרבסט.
פֿלינקע אויגן זיינע פֿאַרטונקלען זיך,
צווישן שטאַרקע אַקסלען גייט אַ פֿראָסט אַהין
און פֿאַרשטאַרט דאָס וואָרט אין מויל אָפֿענעם.

אָט ביידע שטילע צעגייען זיך
און געפֿעכט הייבט זיך אָנעט דער גבורשער.

אַז עס האָט זיך צעווויגט קיריבייעוויטש
גיט דער ערשטער אַ קלאַפּ דעם מלך קאַלאַשניקאָוו.
און ער גיט אים אַ קלאַפּ אין דער מיטן ברוסט
אַז די יונגע ברוסט האָט אַ קראַך געטאָן.
גיט אַ וואַקל זיך סטעפּאַן פּאַראַמאָנאָוויטש.
אויף זיין ברוסט זיין בייטער הענגט אַ קופּער קרייץ
מיט די הייליקע קנאָכנס די קיעווער,
האָט צעבויגן זיך קרייץ, זיך אין ברוסט פאַרקוועטשט,
און ווי טוי זיינען אַרויס טראָפּנס בלוטיקע.
גיט אַ קלער זיך סטעפּאַן פּאַראַמאָנאָוויטש:
וואָס באַשערט איז מיר דאָס געשעען וועט
פאַרן אמת וועל איך שטיין ביז די אַלע לעצט.
און צונויפגענומען די גאַנצע קראַפט
און געקליגט האָט ער זיך און זיך צוגעגרייט
און געגעבן אַ קלאַפּ זיין פאַרהאַסטן פיינד
גלייך אין לינקן אין שלייף מיט אַ שטאַרקן פויסט.

און דער יונגער אָפּריטשניק האָט אַ קרעכץ געטאָן גרינג,
זיך אַ שאָקל געטאָן און געפאַלן טויט,
און אַ פאַל געטאָן אויפן קאַלטן שניי
אויפן קאַלטן שניי, ווי אַ טענענבוים.
ווי אַ טענענבוים אינם נאַסן וואַלד,
וואָס אין פּעכיקן וואָרצל איז אונטערגעהאַקט.
אַז דערזען האָט דאָס דער צאַר איוואַן וואַסיליעוויטש
מיט בייז זיך צעבייזט און אַ טופּע געטאָן
און די שוואַרצע ברעמען פאַרצויגן האָט,
דעם געשיקטן דעם מלך און צו כאַפּן באַפעלט,
און פאַר אים פאַר געזיכט זיינס צו ברענגען אים.

אַז עס הייבט זיין שטים דער פּראַוואָסלאַווער צאַר:
זאָג מיר וואָרהאַפטיק, זאָג מיר געווויסנהאַפט,
מיטן פרייען פאַרלאַנג, אָדער אומוויליק

האָסט צום טויט געטרייט מיין געטרייען דינער־קנעכט
פון די פעכטער מיין בעסטן, קיריבייעוויטשן.

איך וועל זאָגן דיר פּראַוואָסלאַווער צאַר
אַז דערהרגעט אים האָב איך פרייוויליק
און פאַרוואָס, פאַרוואָס כ׳וועל ניט זאָגן דיר
און נאָר גאָט אַליין וועל איך אויסזאָגן.
הייס צו שטראָפן מיך, אויף דער קעפּונגס־ברעט
קאָפּ מיין שולדיקן הייס אַוועקטראָגן
ניט פאַרלאָז נאָר קליינע קינדערלעך
ניט פאַרלאָז די יונגע אַלמנה נאָר
און די ברידער צוויי פון דיין הייכער גנאָד.

— גוט און וואויל איז דיר דו חברהמאַן,
וואוילער פעכטער־יונג, זון דו סוחרישער
וואָס געענטפערט מיר האָסט געוויכנהאַפט.
און דיין יונגע פרוי, די יתומימלעך
פון מיין קאַסטן מיט געלט כ׳וועל באַשענקען זיי
דיינע ברידער כ׳וועל לאָזן פון היינט צו טאָג
איבער רוסישן לאַנד איבערן ברייטן לאַנד
צו האַנדלען אָן צינז און אָן שטייערן.
דו אַליין נאָר גיי, דו חברהמאַן
אויפן הויכן אָרט, דעם קעפּונגס־אָרט
און לייג דאָרט אַוועק דאָס פאַרשייטע קעפּעלע.
כ׳וועל באַפעלן די האַק שאַרפן־אָנשלייפן גוט,
און דעם הענקער אויך אָנטאָן־אויספּוצן זיך,
און דעם גרויסן גלאָק זאָל מען גלעקערן,
ס׳זאָלן וויסן זיין לייט אַלע מאָסקעווער
אַז אויך דיך פון מיין גנאָד ניט פאַרטיילט האָב איך.

אַז דאָס פאָלק אויפן פּלאַץ טוט זיך אויפזאַמלען
און עס הילט דאָרט דער גלאָק, הודעט טרויעריק

און אַ בייזע בשׂורה, טוט באַוואוסטיקן,
אויפן הויכן אָרט, דעם קעפּונגס־אָרט
און אַ העמד און אַ רויטס מיט אַ העלן קנאָפּ
מיט אַ גרויסער האַק אַ געשליפענער
הענט די הײלע זײַנע רײַבנדיק
גייט דער הענקער אום, אַ פרייליכער גייט
און וואָרט—זיך דערוואַרט אויפן וואוילן יונג.

און דער טוחר־יונג, און געפּעכט געשיקט,
מיט די ברידער מיט זײַנע געזעגנט זיך.

און, איר, ברידערלעך, פרײַנד מײַנע בלוטיקע
לאָזט צעקושן זיך, זיך אַרומנעמען
אויף צום לעצטן מאָל, צום געזעגענען
לאָזט דאָרט גריסן פון מיר אַלענאַ דמיטריעוונאַ
זאָגט איר זי זאָל וויינציקער טרויערן
ניט דערציילן פון מיר מײַנע קינדערלעך
און לאָזט גריסן גאָר אונזער הויזגעזינד
גריסט אויך אונזערע אַלע חברימלעך
און אַליין תפילה טוט אין קלויסטערל
פאַר דער נשמה פאַר מײַנער דער זינדיקער.

און געטויט מ'האָט סטעפּאַן קאַלאַשניקאָוון
מיט אַ בייזן טויט מיט אַ שענדלעכן
און און בלוט דער קאָפּ זײַן אומגליקלעכער
האָט אויף קעפּונגס־ברעט זיך אַראָפּגעקײַלט

און באַגראָבן מ'האָט אים אונטער מאָסקווע־טײַך
אינם פרײַען פעלד צווישן וועגן דריי:
צווישן טולער, ריאַזאַנער, וולאַדימירער.
און אַ הויפן נאַסע ערד האָט מען אָנגעשיט
און אַ קליאָנאָווע צלם אַוועקגעשטעלט.

און פאַרשייטע שפּאַצירן דאָרט ווינטן אום
און זיי רוישן אויף קבר פאַרלאָזענעם.
און עס גייען גוטע לייט ביי דעם קבר הורך:
גייט אַן אַלטער מאַן — צלמט איבער זיך,
גייט אַ יונגער הורך — גיט אַ גלייך זיך שטאָלץ,
גייט אַ מיידל הורך — ווערט זי טרויעריק
גייען שפּילער אַהורך — אַ ליד זינגען זיי.
1837

---

## דער געפאַנגענער.

עפּנט, עפּנט דאָס געפענק מיר,
גיט מיר העל פון טאָג אַהער,
אַ שוואַרצאויגיק מיידל ברענגט מיר,
ברענגט מיר אַ שוואַרצגריוויק פערד!
וועל איך דאַן די יונגע שיינהייט
פריר אַ זיסן קוש טאָן איינמאָל,
אויפן פערד אַרויף געשווינד
און אַנטלויפן ווי דער ווינט.

אָבער הויך איז תפיסה-פענסטער
שווערע טיר איז אויף אַ שלאָס;
די שוואַרצאויגיקע די שענסטע
איז אין ווייטן טורעם-שלאָס;
און דער גוטער פערד דער וואוילער
אינם פעלד און אָן אַ צוימל
שפּילט און שפּרינגט אַרום מיט פרייד,
אויפן ווינט דעם עק צעשפּרייט.

עלנט בין איך — הוילע ווענט דאָ
און קיין טרייסט איז ניט פאַראַן!

צאַנקט אַ שטראַל פון פינסטער לעמפּל
מיט אַ שטאַרבנדיקן פלאַם.
אונטער טירן אונטער שווערע
טריט געמאָסטענע זיך הערן —
אין דער שטילקייט פון דער נאַכט
שפּאַנט דער וועכטער איף דער וואַך.
1837

---

## ת פ י ל ה.

געטלעכע מוטער, צו דיר טו איך תּפילה איצט
דאָ, פאַר דיין בילד, פאַר דיין שיין פאַר דיין בלאַנקנדער
כ'בעט ניט קיין רעטונג, קיין שלאַכט־זיגן וויל איך ניט,
ניט איך קום תּשובה טאָן, ניט איך קום דאַנקען דיר.

ניט פאַר מיין נשמה איך בעט פאַר פאַרשטויסענער,
נשמה פון גייער, אין וועלטן פאַרלוירענער,
פאַרטרויען אַ יונגפרוי אַ ריינע כ'בין אויסן נאָר
דיר, היטערין ווארעמע פון וועלט פון פאַרפרוירענער.

רינגל מיט גליק, די וואָס ווערט איז צו גליקלעך זיין
גוטע חברים איר שענק און באַגלייטער איר,
יוגנט אַ קלאָרע, און עלטער אַ ליכטיקע,
האַרץ אירן ריינעם שיק האָפנונגען לויטערע.

און אַז די שיידונגס־שעה וועט זיך דערנענטערן
אין רוישיקן פרי, צי אין נאַכט אין אַ שטימלאָזער, —
אויפנעמען ריינע נשמה צום בעט אירן,
שיק צו דעם שענסטן פון שליחים פון הימלשע.
1837

---

# מיין דור.

אויף דור אויף מיינעם קוק איך שוין אָן האָפנונג,
עס איז די צוקונפט פינסטער אָדער וויסט.
אַזוי אונטער דער לאַסט פון וויסן און פון ספק
וועט ער זיך עלטערן אומזיסט.

פון וויג מיט גרייזן פּאַטערשע מיר זיינען רייך שוין,
מיט זייער אַלטן שכל, וועלכער גילט שוין נישט
און ס'לעבן מאַטערט אויס, ווי אָן ציל אַ וועג אַ גלייכער,
ווי יום־טוב ביי אַ פרעמדן טיש.

מיט גלייכגילט שענדלעכן צו גוטן און צו שלעכטן
אין אָנהייב גאַנג מיר פאַלן שוין פאַרשמאַכט,
פאַר אַ געפאַר קליינמוטיק און אָנמעכטיק
און מיאוסע שקלאַפן פאַר דער מאַכט.

אַזוי אַ דאַרע פרוכט, וואָס פרי איז רייף געוואָרן
ניט אונזער בליק, ניט דער געשמאַק אונז פרייט
און צווישן בלומען הענגט זי פרעמד און אָרעם,
און צייט פון זייער בליט איז שוין איר שעה פון טויט.

אין פוסטע וויסנשאַפטן אויסגעדאַרט די מוחות
פון פריינד און נאָענטע באַהאַלטנדיק בסוד
די בעסטע האָפנונגען, די שטים די הויכע
פון ליידנשאַפט, פון אומצוטרוי באַשפּאָט.

מיר האָבן קיים פון פאַרגעניגן כוס פאַרזוכט נאָר,
נאָר ניט פאַרהיט דערמיט די יוגנט־קראַפט
פון יעדער פרייד, מיר האָבן, די פאַרפלוכטע,
אויף אייביק אויסגעקוועטשט די בעסטע זאַפט.

ניט דיכטונג־טרוים, ניט ווערק פֿון קונסט אַפֿילו
ניט וועקן קיין אַנטציקונג שוין אין אונזער גייסט
און גיריק היטן מיר אין ברוסט די רעשט געפֿילן
אַ פּיסטן שאַף באַוואַכטן צוליב גייץ.

מיר האָבן און מיר ליבן, ווי עס מאַכט זיך,
נאָר גאָרניט אָפּערן מיר דעם האַס און ליבע ניט,
און קעלט געהיימע הערשט ביי אונז אין האַרצן,
ווען אין די בלוטן פֿייער זידט.

אונז זיינען מיאוס די פֿאָטערישע פּרעכטיקע פֿאַרוויילן
צו זייער אָנשטענדיקן זנות דאָס האַרץ ניט ליגט,
און גליק, און הים צו אונזער גרוב מיר איילן
מיט שפּאָט פֿאַרקוקנדיק צוריק.

אַזוי אַ טשערעדע, פֿאַרגעסן און פֿאַרלוירן
מיר וועלן הורך אָן רעש, און שפּור דאָ אויף דער ערד,
קיין ליכטיקן געדאַנק ניט לאָזן אין די דורות,
און ניט קיין אָנהייב פֿון אַ גרויסן ווערק.

און אונזער איבערבורט וועט מיט אַ פּסק אַ האַרטן
מיט אַ פֿאַראַכטונגס־פֿערז פֿאַרשטעמפּלען אונז,
מיט שפּאָט פֿון גרויזאַמען זון פֿון אָפּגענאַרטן
איבער אַ פֿאָטער, וואָס ט׳פֿאַרשווענדט זיין גוטס.

1838

---

## אַ וואַסער־פֿרוי.

אַ וואַסער־פֿרוי שווימט מיטן בלוילעכן טייך,
מיט אַ פֿולער לבנה באַלייכט.
און פּליסט זיך דערלאַנגען ביז לבנהשער העל
די זילבערנע שוים פֿון דער וועל.

און ס׳דרייט און עס וויגט דאָרט דער טייך מיט גערויש
די געשפּיגלטע וואָלקנס אין שוים —
די וואַסערפרוי זינגט. און דער ווערטער־געקלאַנג
צו די ברעגן די הויכע דערלאַנגט.

די וואַסערפרוי זינגט: אויף דער דעק דאָ ביי מיר
איז פאַראַנען דער טאָג־שעמעריר.
ס׳שפּאַצירן דאָ פישלעך פון ריינעם גינגאָלד
און עס שטייען דאָ שטעט פון קרישטאָל.

און דאָרטן אויף זאַמדן אויף העלע געבעט
אין שאָטן פון טונקלען טשערעט
פון כוואַליעס געפאַנגען, פון כוואַליעס פאַרוועבט
אַ ריטער אַ פרעמדער דאָרט ליגט.

פון טיף אין דער נאַכט ביז צום העלן קאַיאָר
זיינע ווידענע קעמען מיר האָר
און אין טעג און אין העלע מיר האָבן דאָרט ליב
אים צו קושן אין שטערן, אין ליפּ.

נאָר צו קושן צו הייסע, איך ווייס ניט וואָרום,
ער פאַרבלייבט אַזוי קאַלט, אַזוי שטום.
ער שלאָפט אין געבויגן אויף ברוסטן צו מיר,
ער גיט זיך אין שלאָף ניט קיין ריר.

אַזוי איבער טייך דאָרט די וואַסערפרוי זינגט
און אַ צער אין קול אירן קלינגט
און עס דרייט און עס וויגט דאָרט דער טייך מיט גערויש
די געשפּיגלטע וואָלקנס אין שוים.

1836

---

## ניט גלױב זיך.

ניט גלױב זיך, יונגער טרױמער, ניט פּאַרטרױ,
פאַר התלהבות היט זיך, װי פאַר קראַנקהײט...
דאָס רעדט די קראַנקע זעל פון הײך אַזױ,
ס'איז אומרו פון געפּײנטעטע געדאַנקען.
קײן הימל־שפּיר ניט זוך אין דעם אומזיסט:
— דאָס זידט דאָס בלוט, ס'איז איבערפלוס פון קרעפטן:
פאַרשװוענד דאָס לעבן דײנס אין זאָרגן העפטיק,
געטראַנק דעם גיפטיקן צענים!

אין טרעפט זיך װען, דורך װאונדערלעכן פאַל
געפינען אין דער לאַנגאַנשטילטער שװין נשמה
אַ אומבאַװאוסטן, נאָר אַ קלאָרן קװאַל,
װאו קלאַנגען פּשוטע און זיסע שטראָמען, —
דו גיב זיך זײ ניט אָפּ, ניט הער זיך צו צו זײ,
װאַרף אָן אויף זײ אַ דעקטוך פון פאַרגעסן: —
ניט איבערגעבן װעסט זײער מײן
מיט גליװערװאָרט, מיט אָפּגעמעסטע פערזן.

פאַרגנבעט צער זיך אין זעל דײנער געהײם,
קומט לײדנשאַפט מיט שטורעם אין געװיטער
אויף מאָלצײט רױשיקן זאָלסט דאַן ניט גײן
מיט אָט דער חברטע מיט דײנער, װילדער.
אָ, ניט דערנידער זיך. מיט צאָרן און מיט צער
מיט די געהאָרכזאַמע זאָלסט ניט גײן האַנדלען
זאָלסט ניט אַרױסשטעלן דאָס יאַטערדיקע האַרץ
דעם נאַרישן המון אויף פוסטן גדלות.

װאָס גזײט אונז אָן צי לײדסטו, אָדער ניט,
װאָס דאַרפן מיר דײן אומרו װיסן,
די פּוסטע האָפענונגען פון יונג געמיט,
פון שכל דײנעם — די פאַרדריסן.

אָט, זע: עס גייען מענטשן שפּילעוודיק אַהין
מיט וועג מיט זייערן טאָג־טעגלעך;
אייף יום־טוב־פּנימער זיך מערקט קוים זאָרגנשפּור.
קיין טרער דערזעען איז ניט מעגלעך. —

און דאָך איז צווישן זיי קיין איינציקער ניטאָ,
וואָס האָט קיין שווערע פּיינען ניט געוואוסט דאָ,
וואָס פאַר דער צייט איז ניט געוואָרן גראָ,
און אַ פאַרברעכן, און פאַרלוסטן.
און, גלויב, ביסט לעכערלעך פאַר זיי ביז גאָר.
מיט נוסח דיינעם שוין געהערטן,
ווי אַ באַפאַרבטער טראַגישער אַקטיאָר,
וואָס פאָכט מיט אַ קאַרטאָנען שווערדל.

1839

---

# דריי פּאַלמעס.

(אַ מזרח־לעגענדע).

עס זיינען דריי פּאַלמעס געוואַקסן זיך שלאַנק
אויף זאַמדיקן סטעפּ פון אַראַבישן לאַנד.
און ס'האָט צווישן זיי דאָרט פון פרוכטלאָזן באָדן
אַ קוואַל מיט געריוש זיך אַ קאַלטער געשלאָגן
און שאָטן פון בלעטער פון גרינע באַהיט
פון שטראַלן, וואָס בריען, פון זאַמד וואָס פאַרשיט.

און יאָרן אַ סך זיינען דורך אומגעהערט,
נאָר וואַנדערער מידער פון ווייטפרעמדער ערד
מיט דאָרשטיקער ברוסט ניט גענויגט האָט זיך קיינמאָל
צום וואַסער צום קאַלטן און שאָטן פון ביימער,
און ס'האָבן גדאַרט שוין פון ברענענדן שטראַל
די פּרעכטיקע בלעטער און שאַלנדער קוואַל.

און ס'האָבן די פּאַלמעס געמורמלט אויף גאָט:
צי זיין מיר געבוירן אויף וועלקן אָט דאָ,
אָן נוצן אין וויסטע געוואַקסן, צעבליט זיך,
פון וויכער געוויגט און געברענט פון די היצן,
און קיינעם דעם בליק ניט דערפרייט, ניט דאָס האַרץ.
ניט רעכט איז, אָ הימל, דיין הייליקער גזר.

און ווי נאָר אַנטשוויגן — און ווייט דאָרט אין בלוי
האָט הויך זיך פאַרקנוילט שוין אַ גאָלדענער שטויב.
און אָט עס דערטראָגט זיך שוין קלינגען פון גלעקלעך
עס בונטן זיך פעך מיט טאַפּעטן באַדעקטע
און קעמל נאָך קעמל, ווי שיפל אין ים,
עס גייט און עס וויגט זיך און גראָבט אויף דעם זאַמד.

און ס'וויגן זיך פאַלדן פון וואַנדער-געצעלט
אויף הויקערס אויף האַרטע פונאַנדערגעשטעלט.
עס הייבן די פאַלדן ווען הענטלעך פאַרברענטע
און אויגן און שוואַרצע פון אונטער זיי בלענדן,
און פערד זיינס דאָס ברוינס אַן אַראַבער דאָרט טרייבט
אויף פאָרנט געבויגן דאָס מאָגערע לייב.

עס שטעלט זיך דאָס פערד אויף די הינטערשטע פיס
און שפּרינגט, ווי אַ באַרס, ווען עס טרעפט אים אַ שפּיז.
און פאַלדן און שיינע פון קלייד פונם קלאָרן
זיך פלאָנטען צעוואָרפן אויף אַקסל פון פאָרער.
מיט פייף און מיט שאַל זיך צעיאָגט איבן זאַמד,
ער שליידערט די שפּיז און זי יאָגנדיק פאַנגט.

און דער קאַראַוואַן צו די פּאַלמעס איז צו
און פריילעך אין שאָטן באַלייגט זיך אויף רו.
און ס'גיסן זיך רוישיק מיט וואַסער קופּשינען
און שאָקלענדיק שטאָלץ מיט די קעפּ מיט די גרינע

באַגריסן די פּאַלמעס די געסט פון דער וויסט
און מילד זיי דער קוואַל אויך דער קאַלטער באַגריסט.

נאָר ווי נאָר ס'איז דעמער געפאַלן אויף ערד
האָט האַרט ביי די וואָרצלען אַ האַק זיך דערהערט
און ס'זיינען געפאַלן די פּאַלמעס געטויטע.
באַריסן פון זיי האָבן קינדער די קליידער
און זייערע קערפּערס צעהאַקט האָט מען דאָרט
און מ'האָט זיי אויף שייטערס געברענט ביז קאַיאָר.

און ווען ס'איז דער נעפּל צו מערב אַוועק
איז דער קאַראַוואַן שוין געגאַנגען זיין וועג
און אַש נאָר און קאַלטער געבליבן איז גרייער —
אויף פּרוכטלאָזן באָדן אַ סימן פון טרויער
און זון האָט די טרוקענע שייטלעך דערברענט
און ווינט האָט דערנאָך זיי אין סטעפּ שוין פאַרשווענדט

און איצט איז אַליץ ווילד דאָרט אַרום און שוין טויט
שוין פירן ניט בלעטער מיט קוואַל קיין גערייד
און שאָטן ביי גאָט בעט דער קוואַל דאָרט אומזיסט שוין
מיט זאַמדן צעגליטע פאַרשיט איז די וויסטע.
צעפּאַטלטער גייער מיט גרויזאַמער שטים
די רויב זיינע צופּט נאָר און פליקט איבער אים.

1839

---

## אַ תּפילה.

אין שווערע רגעס, נאָגנדע,
ווען ס'דרינגט אין האַרצן צער:
אַ תּפילה איינע זאָג איך דאַן,
אַ ליטערע אַזאַ.

אין לעבעדיקן וואָרטנקלאַנג
איז הייכע קראַפט פאַראַן
אין הייליקייט פאַרבאָרגענע
אין יעדן מילדן קלאַנג.

פון ברוסט אַ לאַסט אַרונטערפאַלט
און צווייפל ווייט פאַרשווינדט.
און טרערן גיס איך מונטערע
און ס'איז מיר גרינג און לינד.

1839

---

## דעם אָנדענק פון אַלעקסאַנדער איוואַנאָוויטש אָדאָיעווסקי.

I

כ'האָב אים געקאָנט. געוואַנדערט האָבן מיר
ביינאַנד אין מזרח-בערג. און גלות-צער
געטיילט אינאיינעם. נאָר צו היימיש פעלד
האָב איך זיך אומגעקערט. און צייט פון פרווו
איז דורכגעגאַנגען אין געוויינטן גאַנג
און ער האָט זיך די זיסע רגע ניט דערוואַרט.
אונטער אַן אָרעמען אַ וואַנדער-געצעלט
האָט אים דער טויט געטראָפן. און מיט זיך
אין גרוב האָט ער פאַרטראָגן העלע שפע
באַגייסטערונגען טונקעלע, ניט רייפע,
גענאַרטע האָפנונגען און ביטערע פאַרדרוסן.

II

ער איז געבוירן צוליב אָט דער האָפענונג
פון דיכטונג און פון גליק. נאָר פרי אַרויס —
אָ, אומזיסט, פון די קינדער-קליידער

אין הײש פון לעבנס־ים האָט האַרץ פאַרוואָרפן.
אין שלעכט איז וועלט און גאָט האָט ניט פאַרהיט.
נאָר ביזן סוף, און צווישן שווערן אומרו
צווישן מענטשן און אין ווײַטער וויסט
האָט שטיל געפּילנפלאַם אין אים געגליט,
ער האָט פאַרהיט דעם גלאַנץ פון בלויע אויגן
געלעכטער קינדערשן און העלע שפּראַך
אין שטאָלצן גלויבן אינם מענטש, אין אַנדער לעבן.

III

נאָר ער איז אומגעקומען ווײַט פון פרײַנד.
אָ פריד צום האַרצן דײַנעם, ליבער סאַשאַ.
מיט ערד באַדעקט צווישן פרעמדע פעלדער
זאָל ס׳שלאָפן רויק, ווי די פרײַנדשאַפט אונזערע
אויף שטומען צווינטער רוט פון מײַן זכרון.
ווי פילע איבערגעגאַנגען ביסט אָן טומל
נאָר מיט אַ פעסטקייט. אַ געהיימער רעיון
האָט נאָך אַרומגעבלאָנדזשעט אויף דײַן שטערן,
ווען ס׳האָבן אויגן זיך אויף אייביק צוגעמאַכט
און וואָס דו האָסט געזאָגט דאַן פאַרן שטאַרבן,
האָט פון אַרומיקע דיך קיינער ניט פאַרשטאַנען.

IV

איז דאָס אַ גרוס דער ליבער היים געווען,
אַ נאָמען פון אַ פרײַנד פון אַ פאַרלאָזטן,
צי בענקעניש נאָך יונגן, יונגן לעבן,
צי גלאַט אַן איבערגעשריי פון לעצטע ווייען.
ווער ווייס? דער מיין דער ביטערער און טיפער
פון דײַנע לעצטע ווערטער איז פאַרלאָרן.
די מעשים דײַנע, מײַנונגען, רעיונות,
אַלץ, אַלץ פאַרשוואונדן איז דאָ אָן אַ צייכן,
ווי גרינגער דאַמף פון אָוונטיקע וואָלקנס

זיי טו'ן אַ בליץ און ס'טראָגט דער ווינט זיי ווייטער,
וואוהין זיי גייען, נאָך וואָס, פון וואַנען, ווער ט'זיי פרעגן.

V

און ס'בלייבט נאָך זיי אויף הימל ניט קיין שפור,
ווי פון דער האָפנונגסלאָזער קינדער־ליבע,
ווי פונם טרוים, וואָס ער האָט אים קיינמאָל
די זאָרג פון צאַרטער פריינדשאַפט ניט פאַרטרויט.
וואָס מאַכט עס אויס? פאַרגעסן זאָל די וועלט
דעם וועזן, וואָס איז פרעמד אַזוי געווען איר.
וואָס טויג שוין דיר איר קריוון פון אויפמערקזאַמקייט,
און דערנער פון איר פוסט רכילות־טרייב?
דו האָסט זיי ניט געשעצט. פון יונגווייז אָן
האָסט אָפּגעוואָרפן אירע נאַרנדיקע קייטן:
האָסט ים־תהום ליב געהאַט, פון בלויען סטעפּ דאָס שווייגן.

VI

די חורבות שפּיציקע פון וויסטע בערג
און דאָרט אַרום דיין אומבאַוואוסטן קבר
האָט גורל אַזוי וואונדערלעך פאַראייניקט:
אַלץ, אַלץ, וואָס ליב האָסטו געהאַט אַזוי ביים לעבן —
אַ שטומער סטעפּ דאָרט בלויט. און מיט אַ קרוין
אַ זילבערנער אים קרייזט קאַווקאַז אַרום;
אַ שטרענגער שטיל ביים ים ער דרעמלט
אַזוי ווי אַ ריז איבער זיין שילד געבויגן
און הערט די מעשיות פון די וואונדער־כוואַליעס.
און ס'רוישט דער שוואַרצער ים און ווערט גאָרניט אַנט־
שוויגן.

1839

---

# דעם ערשטן יאַנואַר.

אָפּט, אָפּט אַזוי, ווען ס׳רינגלט מיך פּילפּאַרביקער המון,
ווען פאַרבײַ מיר, ווי חלום, אַ בײַזן טרוים,
אין רעש פון טענץ און קלעזמערישע פידלען
און ווילדן מורמלעניש פון אײַנגעשטילטע רייד,
מיט מאַסקעס העפלעכקײט פאַרקלײדט,
געשטאַלטן אויסגעהוילטע שווינדלען.

און ווען גרויסשטעטיש דרייסט און אומפאַרשעמט
באַרירן פרעמדע מײַנע קאַלטע הענט
מיט הענט, וואָס ציטערן שוין לאַנג ניט, —
אויף אויסן אײַנגעטונקט אין זיין רעש און גלאַנץ
און אַלטן טרוים איך טראָג אַרום אין האַרץ, —
פון טעג פאַרלאָרענע די העלע קלאַנגען.

און אויב מיר גילט נאָר אויף איין אויגנבליק
פאַרגעסן זיך, מיט דער ערינערונג צום נאָענטן צוריק
איך פלי — אַ פויגל פריי און מעכטיק.
און זע זיך נאָך אַ קינד. אַרום איז דאָרט דורכאויס
אַלץ ערטער היימישע. אַ הויך אַ פריציש הויז,
אַ סאָד, אָראַנזשערייע אַ צעשטערטע.

מיט גרינער גראָז-נעץ איז סאַזשלקע פאַרשטעלט
און ס׳רויכערט זיך דאָס דאָרף. און ווייט אין פעלד
דאָרט שטייען אויפעט נעפּלען גרויסע.
און טונקעלער אַלייע כ׳קום. און אָוונט-שטראַל
קוקט אין געוויקס אַרײַן. און געלן-בלעטער פאַל
די טריט די ציטערדיקע הוישן.

און אַזאַ מאָדנע בענקעניש אין ברוסט שוין גליט,
איך קלער פון איר, איך ווין און האָב זי ליב,

כ'האָב ליב דאָס ווערק פֿון טרוים פֿון מיינעם,
מיט אייגן ברענענדיקע בלוי צעשטראַלט,
מיט שמייכל ראָזעווען, ווי הינטער וואַלד
פֿון יונגן טאָג דאָס ערשטע שיינען.

אַזוי, אָ האַר, אָ מעכטיקער פֿון וואונדערלאַנד
פֿלעג איך פֿאַרברענגען דאָרטן שעהענלאַנג
אין זייער זכר לעבט נאָך איצטער —
אַ פרישער אינזל לעבט אַזוי און בליט
אין שטורעם פֿון צווייפֿלען און פֿון ליידן, און דער מיט
פֿון ימישער, פֿון פייכטער וויסטע.

און ווען איך זע זיך אום, און דעם געגאַר אַנטפּלעקן
און רויש פֿון מענטשן שרעקט מיין טרוים אַוועק —
אַ גאַסט איך יום־טוב ניט פֿאַרבײַטן,
אָ, ווי מיר ווילט זיך שטערן זייער פרייד
און זיי אַ שליידער טאָן אין פּנים עזותדיקערהייט
אַ פערז אַן אײַזערנעם פֿון בייז און ביטער.

1840

---

## אַ קאָזאַקיש וויג־ליד.

שלאָף מיין טייער קינד, מיין שיינער,
שלאָף מיין ליבער איין,
און דיין בעטל קוקט די ריינע
לבנה ליכט אַריין.

איך וועל מעשׂיות דיר דערציילן,
זינגען דיר אַ ליד;
דרעמל איין, פֿאַרמאַך די אייגלעך
שלאָף־זשע איין מיין קינד.

ס׳פליִיצט דער טערעק איבער שטיינער
בייזע כוואַליעס וואַרפט.
קריכט אויף ברעג דער בייזער שונא
און זיין מעסער שאַרפט.

נאָר דיין פאָטער איז אַ קריגער
און געפּרוּווט אין שלאַכט.
שלאָף מיין פּיצל, הייק ליג נאָר,
שלאָף אַ גוטע נאַכט.

וועסט אַליין נאָך וויסן שפּעטער
וואָס דאָס הייסט אַ קריג.
דרייסט אַריינטאָן פוס און טרעטער
נעמען וועסט אַ ביקס.

כ׳וועל׳ מיט זיידנס דיר דיין זאָטל
אויסנייען צום שלאַכט.
שלאָף מיין קינד דו, מיין געראָטנס,
האָב אַ גוטע נאַכט.

דו וועסט אויסוואַקסן אַ גבור,
אַ קאָזאַק — אַ יונג
און מיט מיר וועסטו מיין ליבער
זיך צעשיידן גרינג.

טרערן ביטערע כ׳וועל גיסן
גיסן אָן אַ סוף,
שלאָף מיין מלאך מיט אַ זיסן
מיט אַ מילדן שלאָף.

וועל איך טרויערן אַ שטילע
וואַרטן דאָ פאַרשמאַכט

גאַנצע טעג נאָר ריכטן תפילה
טרעפן הירך דער נאַכט.

וועל איך מיינען, אַז די בענקסט דאָרט
צווישן פרעמדע לייט, —
שלאָף־זשע איינעט, קיים דו ווייסט ניט,
וואָס דאָס זאָרג באַטייט.

כ'וועל אַ צלמל אַ הייליקס
געבן דיר אין וועג.
בעת תפילה שטעל, מיין וואוילער
דאָס פאַר זיך אַוועק.

אין געדענקען זאָלסט דיין מוטער
פאַרן בייזן שלאַכט
שלאָף מיין טייערער, מיין גוטער,
האָב אַ שטילע נאַכט.

1840

---

## דער זשורנאַליסט, דער לעזער און דער שרייבער.

Les poëtes ressemblent aus ours,
qui se nourissent en cuçant leur patte.

Inedit

דעם שרייבערס צימער; די שטאָרן אראָפּגעלאָזט. ער זיצט אין א גרויסן פאָטער־שטול פארן קאמין, דער לעזער שטייט מיט א ציגאר מיטן רוקן צום קאמין. דער זשורנאַליסט קומט אריין.

### דער זשורנאַליסט.

איך בין צופרידן שטאַרק, וואָס איר זיינט קראַנק.
אין לעבנס־זאָרגן, אין וועלטן־וויכער
פאַרלירט געשווינד דער גייסט פון דיכטער
זיין גאָטגעבענטשטן טרוימענגאַנג.

צווישן איינדריקן פאַרשיידנע
צעבייטנדיקן די זעל איף מינץ
פאַרלירט ער גאָר זיין איגנע מיינונג.
ווען קאָן ער דען אין צייט-פאַרטרייב
אַ ווערק אַ צייטיקס צו באַקלערן.
דערפאַר איז דאָך אַן אמת גליק,
ווען ס'שיקט דער איבערשטער אים צו
אַ וואַנדערוועג, צי אַ געפענק,
אַפילו גאָר אַ לאַנגע קרענק.
אַ ליד אַ ליטערע שאַלט אויף
אין איינזאַמקייט אין ווינער באַלד.
אַמאָל פאַרליבט ער זיך גאָר היים
אין איסגעפוצטן טרויער ווינעם.
נו, וואָס-זשע שרייבט איר. קאָן מען ניט
דערוויסן?

שרייבער.

גאָרניט...

זשורנאַליסט.

אַן עבירה!

שרייבער.

פון וואָס-זשע שרייבן? מזרח, דרום
באַזינגען ווינען און באַשריבן;
און אַלע זידלען דעם המון
און לויבן שטאַרק די שטילע היים.
זיי אַלע שוועבן אין די הימלען
און לעכצן מיט געהיימען ברען
צו הויכער שיינהייט, צו ענען
און אַלע ווינען לאַנג שוין נמאס.

## לעזער

אין איך זאָג אייך, מ'דאַרף זיין אַ בעלן
צו ליינען היינטיקע זשורנאַלן
אַפילו אייערן. אָט נעמט
מיר ברעכן שוין פון אים די הענט.
צום אַלעם ערשטן — גרוי פּאַפּיר.
מעג זיין עס איז גאָר ריין אַפילו
נאָר פּאָ־ט איר שרעקט זיך אויסצוטמירן.
אין לייענסטו — גרייזן אָן אַ שיעור,
די לידער — אַזוי פּוסט און ליידיק.
אָן זין — די ווערטער, קיין געפיל
אין יעדער זאַץ איז אָנגעצויגן
אין גאָר צו זאָגן אייך בסוד:
עס פעלט צום גראַם גאָר אָפּטלעך אויס.
אין נעמסטו פּראָזע — איבערזעצונג,
אין אויב עס וועלן זיך אייך טרעפן
דערציילונגען אויף אונזער שניט —
איז אָדער — מאָסקווע לאַכט מען אויסעט
צי אויף באַאמטע פּאַלט מען אָן.
פון וועמען שרייבן זיי די בילדער?
וואו הערן זיי אָט די געשפּרעכן?
אין אויב זיי הערן זיי שוין יאָ,
איז ווילן מיר זיי גאָרניט הערן.
ווען וועט שוין דאָ אין וויסטן רוסלאַנד־
געדאַנק מיט פאַלשן גלאַנץ זיך שיידן
אין ווי אַ שפּראַך אַ פּשוטערע קריגן
אין הויכע שטים פון ליידנשאַפט.

## זשורנאַליסט.

איך זאָג דאָך אָקוראַט דאָס זעלבע.
ווי איר מיט כעס אָפּן קוק איך

אויף אונזער היסלענדישער מוזע.
לייענט הורך, איך בעט אייך מיין קריטיק.

## לעזער.

איך האָב געלייענט. טענות קליינע
צום שריפט, וויניעטן און צו גרייזן,
און וואונקען דינע און באַווייזן
אויף דעם, וואָס ניט באַוואוסט איז קיינעם.
נו, זאָל מען קענען כאָטש אַ לאַך טאָן,
און אייער טינט איז, מיינע הערן,
ניטאָ קיין בייזע גאַל אַפילו,
נאָר וואַסערי ברודיקע ניט מער.

## זשורנאַליסט.

איר זיינט גערעכט, געווים, אַוודאי.
נאָר גלייבט מיר, כ׳וואָלט געווען צופרידן,
איך זאָל זיך גאָרניט דאַרפן זידלען.
נאָר ווי=זשע? אַז מע זידלט מיך.
פאַרשטייט, איך בעט אייך, אונזער לאַגע,
אונז לייענט דער נידעריקער שיכט.
ניט יעדער אייער ווערט באַליידיקט
פון הוילער שאַרפקייט פון אַ אויסדרוק.
געשמאַק, אָנשטענדיקייט — ס׳אַ תנאי=זאַך,
און געלט באַצאָלן גלייך דאָך אַלע.
אָ, גלייבט עס האָט אַן עול אַ שווערן
אויף אונז אַרויפגעלייגט דאָס מזל.
איר ווייסט, וואָס הייסט אַדורכצולייענען
דאָס גאַנצע מיסט — די אַלע ביכער
און צוליב וואָס? כדי אייך זאָגן
אַז ס׳איז דאָס גאָרניט ווערט צו לייענען.

## לעזער.

דערפאַר איז דאָך אַזאַ פאַרגעניגן
אין ס׳רוט זיך אָפּ דער קאָפּ און ס׳האַרץ,
ווען ס׳טרעפט זיך אייך שוין ווען ניט איז
אַ ווערק אַ לעבעדיקס אַ ליטערס.
אָט נעמט צום ביישפּיל. כ׳האָב אַ פריינד,
ער האָט אַ לשון גאָר אַ פיינעם
און גאָט האָט אים געשענקט דערצו
אַ פיל געדאַנקען און געפילן.

## זשורנאַליסט.

אַזוי איז דאָס, נאָר צום פאַרדראָס
די לייט ניט. שרייבן דאָך קיין אות.

## שרייבער.

— פון וואָס צו שרייבן?... ס׳טרעפט אַ צייט,
ווען ס׳פאַלט אַראָפּ די לאַסט פון זאָרגן,
פון העלער מי קומט אָן אַ צייט,
ווען פיל איז מות און נשמה
און ריימען פריינדלעכע ווי וועלן
מיט חיש זיך טראָגן איינס נאָך איינס
אין פרייער יאָגנדיקער ריי.
אין דער דערוואַכטער קיום נשמה
גייט אייף אַ וואונדערלעכע ליכט
און אויף די קרעפטיקע געדאַנקען
ווי פערל צילן זיך די ווערטער.
מיט מוט מיט פרייער קוקט דער דיכטער
אין צוקונפט אין דער ווייטער דעמאָלט.
און אָפּגעוואַשן און געריינקט
פון הויכן טרוים אים שיינט די וועלט.

נאָר אָט־די ווערק די מאָדנע זיינע
ער לייענט אין דער היים אַליין זיי
און נאָכדעם אָן שום איבערקלערן
הייצט ער מיט זיי דעם אייזן איין.
צי זיינען קינדערשע געפילן
און פוסטע ניט באַזינטע הייך
די שטרענגע קונסט דער ווערט אַפילו.
מ׳וועט אויסלאַכן, מ׳וועט זיי פאַרגעסן.
עס טרעפן נעכט זיך שווערע ווילדע:
און שלאָף די אויגן ווינען, גליען.
אַ שווערע בענקעניש — אין האַרץ;
מיט ציטער כאַפּט די קאַלטע האַנט
אַרום דעם קישן דאַן, דעם הייסן.
די האָר זיך שטעלן אויף פאַר פחד.
אַ ווייטאָגדיק אַ ווילד געשריי
זיך רייסט פון ברוסט דאַן און די צונג
רעדט הייך און א פאַרשטאַנד אַרויס
די לאַנג פאַרגעסענע שיין נעמען.
און איינגעוויליק מאָלט זכּרון
די לאַנג פאַרגעסענע שיין שטריכן
און פריערדיקן גלאַנץ פון שיינקייט:
און אויגן — ליבע, ליפּן — פעלשן,
און ווידער גלויבסטו זיי ניט ווילוּק,
און עס איז פרייד און ווי איז עס
צעהדערן די אַלטע וואונדן.
דאַן שרייב איך. עס דיקטירט — געוויסן,
דער בייזער מוח פירט די פען.
דאָס זיינען רייצנדע געשיכטעס
פון מעשׂים פון געהיימע, שטילע,
און פון פאַרבאָרגענע רעיונות
און קאַלטע בילדער פון צעלאָזטקייט,
און מעשׂיות נאַרישע פון יוגנט,

פון טעג, וואָס זײַנען לאַנג אָן נוצן
פאַרפאַלן אין דעם ווילדן ווירבל
אין שטרײַטן קלײנלעכע, נאָר האַרטע
מיט די געגנאַרינס און נאַראָנים
צעווישן צווייפלען כלומרשט שוואַרצע,
און האָפענונגען כלומרשט העלע.
אַ זײַטיקער געהײמער ריכטער,
איך האַלט קײן פרעמדן סוד ניט טײַער
און שטעל זי דרײַסט אַרויס צו שאַנדע
די איסערלעך געפּוצטע זינד.
כ'בין אומרחמנותדיק און האַרט.
נאָר כ'ליעבן, כ'וועל בײַ זיך ניט פֿילן
פאַר אייגן פאַר ניט צוגעגרייטע
די בייזע שירות יענע ווייזן...
נו, זאָגט־זשע מיר פֿון וואָס צו שרײַבן?
צו וואָס אויף זיך דעם האַס און בייזער
פֿון מענטשן אומדאַנקבאַרע ציען.
זיי זאָלן ווי אַ זידלערײַ
די רייד די נביאישע פאַרנעמען.
די גיפט פֿון פייערדיקע ווײַטלעך
זאָל רוע קינדישע נאָר שטערן
און זאָל דאָס האַרץ דאָס שוואַכע שלעפּן
אין זײַן צעפּינטעוועטן שטראָם.
ניין! מײַן געדאַנק כ'וועל ניט פאַרבלענדן
מיט קיין פאַרברעכערישן טרוים
און פאַר אַ פּרײַז אַזאַ מין שווערן
וועל איך ניט קויפן אייער רום.

24 מאַרס 1840.

# די גייסטער־שיף.

(פון זיידליץ [1]).

אויף בלויע אָקעאַנישע כוואַליעס,
ווען שטערן אין הימל זיך צינדט,
מיט זעגלען צעשפרייטע זיך טראָגט דאָרט,
אַ שיף דאָרטן טראָגט זיך געשווינד.

ניט ס'ביגן זיך הויכע מאַסטן
און פלוגערס ניט רוישן אויף זיי,
טשוהונענע קוקן האַרמאַטן
אין אָפענע ליוקן געהיים.

ס'איז קיין קאַפּיטאַן ניט צו זען דאָרט,
ס'איז דאָרט קיין מאַטראָסן ניטאָ;
דאָך פעלזן און זאַמדבענק געהיימע,
און שטורעמס ניט רירן זיך אָן.

ס'איז דאָרט אין אָקעאַן דאָ אַ אינזל[2],
וואו וויסטער, וואו האַרטער גראַניט;
אויף אינזל איז דאָרט אין אַ קבר,
איז דער אימפּעראַטאָר פאַרשיט.

פאַרשיט איז אָן קריגערשער ערע
פון פיינד אין די זאַמדן איז ער;
אַ שטיין אויף אים ליגט דאָרט אַ שווערער,
אַז ער זאָל ניט אויפשטייען מער.

1 זיידליץ אָדער צעדליץ — אַן עסטרייכישער דיכטער (1790 — 1862).
2 דער אינזל סט. העלענע, וואו ס'איז באַגראָבן געוואָרן נאַפּאָלעאָן.

נ׳בײַנאַכט, װען עס װערט נאָר אַ יאָרצײַט
אין שעה פֿון זײַן טרױעריקן ענד,
צו הױכן צו ברעג צו אַ שטילן
די גײַסטער־שיף שטיל זיך דערנענט.

פֿון קבֿר פֿון זײַנעם אין פּלוצים
דער אימפּעראַטאָר דערװאַכט,
ער טראָגט אַ דרײַעקיקן היטל,
דעם סורדוט דעם גרינען פֿון שלאַכט.

צונױפֿגעלײגט מעכטיקע אָרעמס,
צו ברוסט צו געבױגן דעם קאָפּ,
ער גײט און ער זעצט זיך צום רודער
און גײט באַלד אין װעג אַרײַן אָפּ.

ער טראָגט זיך צו פֿראַנקרײַך זײַן ליבער,
װאו טראָן האָט געלאָזן און רום,
די גװאַרדיע די אַלטע געלאָזן,
פֿאַרלאָזן זײַן יורש, זײַן זון.

און װי נאָר די ערד די געליבטע
אין פֿינסטער פֿון נאַכט ער דערקענט,
פֿאַרצאַפּלט װערט װידער דאָס האַרץ זײַנס
און פֿלאַם זיך אין אױגן צעברענט.

אױף ברעג מיט די טריט זײַנע גרױסע
ער גײט דאַן אַ דרײַסטער אַרױף
און מיטקעמפֿער זײַנע דאָרט רופֿט ער,
רופֿט גרױזאַם די מאַרשאַלס[1] צונױף.

---

1 מאַרשאַל — אַ הױפּטקאָמאַנדיר בײַ די פֿראַנצױזן.

נאָר ס'שלאָפֿן שוין לאַנג גרענאַדירן —
אויף פֿלאַך, וואו דער עלבע־טייך[1] פֿליסט,
אין שנייען פֿון רוסלאַנד פֿון קאַלטן,
אין זאַמדן פֿון מצרישער וויסט.

אין מאַרשאַלן הערן דעם רוף ניט:
אַ טייל איז אין שלאַכטן געטויט,
אַ טייל גאָר האָט אים שוין פֿאַרראַטן,
דעם דעגן דעם שונא פֿאַרקויפֿט.

ער טוט אין דער ערד דאַן אַ טופּע
אין הין און צוריק מיט אַ כּעס
אויף ברעג אויפֿן שטילן דאָרט שפּאַנט ער
אין רופֿט אויף אַ קול שוין באַניים:

זיין זון זיין ליבהאַרציקן רופֿט ער —
אין אומגליק דאָס איינציק געלען,
אַ וועלט אים אַ האַלבע פֿאַרשפּרעכט ער,
אין זיך נעמט ער פֿראַנקרייך אַליין.

נאָר אין בליציט פֿון האָפֿנונג אין קרעפֿטן
פֿאַרוועלקט איז זיין מלכותשער זון,
אין לאַנג אויף אים וואַרטנדיק שטייט ער,
ער שטייט אין ער וואַרט אויף אים שטום.

ער שטייט אין ער זיפֿצט אַזוי ביטער,
ביז וואַן זיך דער מזרח צעשטראַלט
אין ביטער אויף זאַמדן אויף קאַלטע
פֿון אויגן אַ טרער ביי אים פֿאַלט.

---

1 עלבע — אַ טייך אין פּרייסן.

איף צויבער-שיף זיינער שוין ווידער,
צו ברוסט צו געגויגן דעם קאָפּ,
ער גייט, מיט דער האַנט טוט אַ מאַך דאָרט
און שיף איוף צוריקוועגס גייט אָפּ.

---

איז אומעטיק שווער. ניטאָ וועמען אַ האַנט צו דערלאַנגען,
ווען וויטאָג דאָס האַרץ דיינס פאַרפרעסט דיר.
פאַרלאַנגען?... וואָס גילטן עס אייביק אומזיסטע פאַרלאַנגען?...
און יאָרן פאַרגייען — די יאָרן די בעסטע.

און ליב האָבן... וועמען?.... מען קאָן דאָך אויף אייביק ניט ליבן,
און בלויז אויף אַ צייט — איז אומזיסט דאָך.
און קוקסטו אין זיך? — איז פון עבר קיין שפור ניט געבליבן
און פריידן און ליידן און אַלץ איז דאָרט נישטיק.

וואָס ליידנשאַפט? — שפּעטער צי פריער וועט דאָס זיסע הולאת
פאַרשווינדן ביים וואָרט פון באַוואוסטזיין; —
און קוקסטו זיך ניכטער אַרום — איז דאָס לעבן אַ שפּאַס,
אַ נאַרישער שפּאַס און אַ פוסטער.

---

# צו אַ קינד.

מיט איינגעוואַכטע יוגנטלעכע טרוימען,
מיט פרייד געהיימער און מיט ציטער מיט געהיימען,
אָ ליבלעך קינד, איך קוק אויף דיר אָטיצט.
אָ, ווען זאָלסט וויסן נאָר, ווי ליב מיר ביסט.
ווי דיינע יונגע שמייכלען זיינען ביי מיר טייער,
די קרויזן גאָלדענע, די אויגן-פייער,
דיין קלינגענדיקע שטים. מען זאָגט, אָ קינד,
געראָטן ביסט אין איר. ווייווי, די צייט פאַרשווינדט.

ס'האָט צער זי פאַר דער צייט געענדערט,
נאָר ס'האָט מיין טחים אין האַרץ אויף שטענדיק
דאָס בילד אירס איינגעהיט. איר פייערדיקער בליק
איז אומעטום מיט מיר. און דו, דו האָסט מיך ליב?
צי איז ניט מיאוס דיר מיין אָנגעבונדנע ליבע?
צי קוש איך שוין ניט צופיל דיינע ליפן?
צי האָט מיין טרער דיין באַק ניט אָפּגעבריט?
נאָר זע, דערצייל איר פון מיין טרויער ניט.
דערצייל ניט וועגן מיר. צו וואָס? זאָל זי ניט וויסן,
עס קאָנען זי די רייד נאָך איבערעגן, פאַרדריסן...

נאָר מיר, מיר אַליין פאַרטרוי. ווען פאַרן בילד
אין אָוונט-שעה מיט דיר געבויגן מילד
האָט זי די קינדערישע תפילה דיך געלערנט
און דיך זיך צלמען געלערנט ווי געהעריק,
ווען דו האָסט ליבע און באַקאַנטע נעמען
איר נאָכגעזאָגט, אָ, זאָג, האָט זי אַט דעמאָלט
דיך ניט געלערנט בעטן מיין פאַר קיינעם?
אַ בלאַסע האָט זי מעגלעך איינגערימט דיר איינעם,
אַ נאָמען, וועלכן דו האָסט שוין פאַרגעסן לאַנג.
אָ ניט דערמאָן אים. אַ נאָמען איז אַ פּוסטער קלאַנג.
גיב גאָט, דו זאָלסט אים טאַקע גאָרניט קענען.
נאָר ווען צופעליק שוין ווי עס איז און ווען ניט איז
דערוויסן זיך — די קינדערטעג דיינע דערמאָן
און ניט פאַרשעלט, אָ, קינד, אים דאַן.

1840

---

## פאַרוואָס.

עס איז מיר אומעטיק, דערפאַר, וואָס כ'האָב דיך ליב.
און וויים: עס וועט דיין יוגנט-בלי
ניט אויסמיידן די גיפט פון בייזע פיילן.

פאַר יעדער טאָג, פאַר יעדער זיסער ווײַלע
באַצאָלן וועסט דעם גורל טרויעריקן צינז.
עס איז מיר אומעטיק, ווייל דו... דו פרײלעך ביסט.

1840

---

# אַ דאַנק.

פאַר אַלץ, פאַר אַלץ נעם צו מײַן גרויסן דאַנק דיר:
פאַר ליידנשאַפטלעכער געהיימער פּיין,
פאַר טרערן ביטערע, פאַר קוש פאַר פאַרסמטע,
פאַר שטראָף פון פיינד און בייזע רייד פון פרײַנד;

פאַר נשמה־פלאַם אין וויסטעניש צעשטרייטן,
פאַר אַלץ, וואָס האָט גענאַרט מיך ביז אַהער...
נאָר מאַך אַזוי, איך זאָל איצט ווייטער
דיך שוין ניט דאַרפן דאַנקען מער.

1840

---

# פון געטע.[1]

הייכע בערג פאַרזונקען
שלאָפן אין דער נאַכט;
שפרייט זיך קילער טונקל
איבער שטילן פלאַך.
שטייבן ניט קיין וועגן,
ציטערט ניט קיין בלאַט...
וואַרט צו נאָך אַ רגע
וועסט איך רוען באַלד.

1840

---

1 געטע — דער גרויסער דייטשער דיכטער (1749 — 1832).

*  *  *

װען ס'װיגט דאָס געלע פעלד זיך דאָס געראָטנס,
בײם קלאַנג פון װינט װען ס'רױשט דער פרישער װאַלד
און רױטע פלױם אונטער דעם זיסן שאָטן
פון גרינעם בלעטל זיך אין סאָד באַהאַלט.

װען זילבערדיקער לאַנדיש־בלום אַ קלאָרער
מיט רײנעם טױ מיט דופטיקן באַהױכט
און אָװנט פּורפּלנעם, און גאָלדענע קאַיאָרן
מיר װינקט אַרױס פון אונטער יעדער שטרױך.

װען ס'שפּילט דער קילער קװאַל איבער די לײמען
און שלעפּערט אײן דאָס האַרץ און דעם געדאַנק,
דערצײלט מיר שטילערהײט אַ מעשה אַ געהײמע
פון מילדן קאַנט, פון װעלכן ער שטאַמט —

אַנטשטילט דער אומרו אין מײן האַרצן װערט דאַן,
די תּינצלען אױפן פּנים זיך צעגײן
און גליק באַנעמען קאָן איך דאַן אױף ערדן
און גאָט אין קלאָרע הימלען זען.

---

## אַ שכן.

אָ, שכן טרײעריקער, װער דו זאָלסט ניט זײן,
איך האָב דיך ליב באַגלײך אַ יוגנט־פרײנד,
דער צופעליקער חבר פון מײן תּפיסה,
כאָטש ס'האָט דער גורל אונז דאָ אײנס פון צװײט
אױף אײביק מיט זײן קלוגער שפּיל צעשײדט,
איצט מיט אַ װאַנט און נאָכדעם מיט ניט־װיסן.

ווען זינפאַרגאַנג מיט שיידנדיקער שיין
אַ גרוס אין תפיסה־פענצטער שיקט אַריין
פון ווייטע הימלדיקע סופן,
ווען אָנגעשפּאַרט אויף קלינגענדיקער ביקס
דער וועכטער זיך דערמאָנט אַמאָליק גליק
און שטייענדיק ער ווערט אַנטשלאָפן,

דעם קאָפּ געבויגן צו דער נאַסער וואַנט
איך הער — און אין דער וויסטער שטילקייט דאַן
געזאַנגען דיינע זיך דערהערן.
איך ווייס ניט, וואָס באַטייטן זיי,
נאָר ווי־פיל זיינען זיי. און שטיל אַזוי
די קלאַנגען גיסן זיך ווי טרערן.

און אין דער ברוסט אין מיינער ווערט באַנייט
די האָפענונג, די ליבע פון דער גוטער צייט
און ווייט פאַרטראָגן מיך געדאַנקען.
און פול ווערט גייסט מיט דראַנג און מיט באַגער
און ס׳קאָכט דאָס בלוט — און טרער נאָך טרער
פון אויגן גיסן זיך ווי קלאַנגען.

---

מיר האָבן זיך צעשיידט. נאָר כ׳האָב דיין בילד
אויף ברוסט אויף מיינער איינגעהיט.
די גוטע צייט דערמאַנט עס מילד
און פרייט מיין אומעטיק געמיט.

און נייער ליידנשאַפט געטריי
דאָס בילד דאָס אַלטע ליב איך פאָרט. —
צעשטערטער טעמפּל — טעמפּל בלייבט,
און געץ צעבראָכענער — אַלץ גאָט.

---

# וואָלקנס.

הימלשע וואָלקנדלעך, אייביקע וואַנדערער,
שנירעלעך פערל אין בלױקייט פאַרלאָרענע.
ווי איך אַ פאַרטריבענער, איינס נאָכן אַנדערן
יאָגט איר פון צפון ליבן צו דרום=ווייט.

הער=זשע פאַרטרייבט איך: דער פסק פונם גורל דען?
קנאה געהיימע? צי שנאה שיין אָפענע?
צי אַ פאַרברעכן גאָר איבער איך הייערט דאָ?
גיפטיקע מסירה פון פריינד האָט געטראָפן איך?

ניין, ס׳האָבן פעלדער דערעסן איך ליידיקע...
פרעמד איז איךליידנשאַפט, ווייטאָגן האָט איר ניט;
קאַלטע און פרייע איר טראָגט זיך דאָ אייביק אום,
ווייסט ניט פון גלות און האָט ניט קיין פאָטערלאַנד.

אַפּריל 1840

---

# אויף פושקינס טויט.

געטויט איז דער פּאָעט. דער וועדרע=ריטער
געפאַלן איז באַדעקט מיט שפּאָט.
מיט קויל אין ברוסט און מיט נקמה=ציטער
אַראָפּגעניקט דעם שטאָלצן קאָפּ.
דעם דיכטערס זעל האָט ניט געקאָנט פאַרליידן
די שאַנד פון קליינלעכע, פון בייזע רייד.
אַהיים איז ער אַקעגן וועלט צו שטרייטן,
אַליין, נאָר שטענדיק, — און געטויט!
געטויט!... וואָס גילטן נאָך געוויינען,
וואָס ניצט דער פּוסטער ליבונג=כאָר.
וואָס טויג באַרעכטיקונג געמיינע,
דעם גורלס פסק ז'געשען — און גאָר.
ניט איר האָט דען ביז איצט געטראָטן
זיין פרייען, וואונדערלעכן גייסט,
און איך אַ שפּאַס האָט פעך געשאָטן
און פלאַם פאַרבאָרגענעם געשפּייזט.
איז פרייט=זשע זיך, ער האָט דעם געהינום
פאַרטראָגן ווייטער ניט געקענט.
ווי ליכט פאַרלאָשן איז דער וואונדער גני,
זיין יום=טובדיקער קראַנץ=פאַרלענדט.
זיין מערדער האָט מיט קאַלטער רציחה
געצילט דעם שאָס — קיין רעטונג ניט פאַראַן.
דאָס פּוסטע האַרץ — עס קלאַפּט זיך זיכער
און שטייף איז פּיסטאָלעט אין האַנט.

איז דען אַ וואַנדער? — פֿון דער ווייט דאָרט,
ווי פּליטים אַנדערע צו אונז,
האָט אים דאָס מזל זיינס פֿאַרשליידערט
אין גליק און ראַנגען איז זיין וואונטש.
ר'האָט עזותדיק מיט שפּאָט, פֿאַראַכט
פֿון פרעמדן לאַנד די שפּראַך און מידות,
ער האָט ניט געקענט צו שווינען אונזער פּראַכט
אין רגע בלוטיקער זיך ניט פֿאַרטראַכט
אין וועמען דאָ זיין האַנט געצילט איז!...

איז ער געטייט. פֿון קבר צוגענומען,
די ריִיב פֿון אייפערזוכט פֿון שטומער,
ווי יענער אומבאַקאַנטער זינגער[1], וואָס אַליין
האָט ער באַזונגען אַזוי וואונדער־שיין,
וואָס איז ווי ער פֿון האַנט פֿון בייזער אומגעקומען.

צו וואָס האָט ער פֿון שטילער פֿרייד און פריינדשאַפט פּראָסטער
אַריינגעטראָטן אין דער וועלט, אין דער צעלאָזטער,
וואָס פרייען האַרץ, וואָס ליידנשאַפט פֿאַרקלעמט?
פֿאַרוואָס האָט ער די האַנט די לעסטערער געגעבן,
פֿאַרוואָס האָט ער געגלייבט די פֿאַלשע רייד און ליבע,
ער, וואָס האָט פֿון יוגנהייט אָן די מענטשן שיין דערקענט? —
אָנשטאָט זיין קראַנץ האָט מען אַ קרוין פֿון דערנער
באַפּוצט מיט לאָרבער אָנגעטאָן אים מילד.
נאָר ס'האָבן אין דעם וואונדערשיינעם שטערן
געהיימע נאָדלען אים געשטאָכן ווילד.
און בייזע מורמלעניש פֿון פֿאַלשן עם־האָרץ
די לעצטע רגעס האָבן אים פֿאַרסמט.
און מיט פֿאַרדראָס און מיט פֿאַרשטיקטן צאָרן
איז בייזן גורל איז ער אויסגעגאַן.

1 „יענער זינגער“ — לענסקי אין פּושקינס פּאָעמע „יעווגעני אָניעגין“.

אַנטשטומט געוואָרן זיינען לידער העלע,
זיי וועלן שוין ניט קלינגען מער.
דעם זינגערס הי־אַרט — ז'וויסט און עלנט
און ס'איז זיין מויל פאַרחתמעט שווער. —

און איר, די גאוהדיקע זין פון טאַטעס,
וואָס נידערטרעכטיקייט איז זייער חום און לויב,
וואָס טרעט דעם בראָך מיט שקלאַפערישע פיאַטעס
פון שטאַמען, וואָס די גורל־שפיל האָט זיי באַרויבט.
איר מענגעס גיריקע, וואָס אַרום קרוינשטויל פויזעט
איר, הענקער פון דער פרייהייט, פון געני און פון רום!
און שוין פון די געזעצן איר באַהאַלט זיך אויסעט,
פאַר אייך איז דין און אמת — אַלץ אַנטשטום!
פאַרזונדיקטע ווייסט, ס'איז דאָ אַ העכער שופט,
אַ ריכטער און אַ גרויזאַמער, וואָס וואַכט:
אים וועט איר מיט קיין גאָלדנקלאַנג ניט קויפן,
ער ווייסט פאַרפריער, וואָס איר רעדט און טראַכט.
און אָנקומען איר וועט צו בייזע רייד אומזיסט שוין,
עס וועט אייך שוין ניט העלפן אַזוי גוט,
מיט גאַנצן שוואַרצן בלוט אייערס וועט איר שוין ניט פאַרווישן
דעם דיכטערס היבער־ריינע בלוט.

יאַנואַר 1837

---

## דער שטאַרבנדיקער גלאַדיאַטאָר.

I see before me
the gladiator lie...
Byron.

עס יובלט רווישיק רוים... פון דונערס פון נצחון
די ברייטע צירק־אַרענע ווערט פאַרטויבט: —
און ער אַ שטומער ליגט און ברוסט דערשטאָכן
און ס'גליטשן זיך די קני און בלוט און שטויב.

און ס׳גיבט אומזיסט רחמים זיין טריבער בליק...
דער גאוותשער טיראַן און חניפהשער סענאַטאָר
מיט לייב באַקרענצן נידערפאַל און זיג...
וואָס איז פאַר אַדל און המון באַזיגטער גלאַדיאַטאָר?[1]

און ס׳רינט זיין בלוט. די לעצטע רגעס שוועבן.
ס׳איז נאָענט שוין די שעה. אָט האָט געטאָן אַ שיין
אין האַרץ אַ שטראַל פון דמיון. עס הוישט פאַר אים דונאַי[2]
און ס׳בליט די היים — דאָס לאַנד פון פרייען לעבן.
ער זעט דאָס היימזוינגד, פאַרלאָזטע צוליב שטרייטן.
אָט ציט זיין פאָטער גליווערדיקע הענט פון ווייטן,
ער חפט צו זיך דעם אָנלען פון זיין עלטער.
די קינדער שפילנדיק, די ליבסטע קינדער זעט ער.
מיט הייב און רום מע וואַרט אויף אים דאָרט אַלע.
אומזיסט — אַ שקלאַף איז ער און ווי אַ חיה דאָ געפאַלן,
אַ שפיל פאַר צייט־פאַרטרייב פון האַרצלאָזן המון...
„אַדיע, צעלאָזטער היים, — אַדיע, דו ליבע היים!...״

---

מיט מורא קוק איך אין דער צוקונפט
און אין פאַרגאַנגענהייט איך קוק מיט צער,
ווי פאַרן פסק אַ מערדער קוק איך
און זוך אַרום אַ וואַרעם האַרץ.
וועט קומען דער שליח פון רעטונג
דעם לעבנס־סוד מיר צו אַנטפּלעקן —
דעם סוד פון האָפנונג און פון ליידן,
דערציילן, וואָס האָט גאָט געגרייט מיר,

---

1 גלאַדיאַטאָר — אַ קעמפער (געהיינלעך — מיט ווילדע חיות) אין רוי־מישן צירק.

2 דונאַי — אַ טייך, וועלכער שטראָמט איצט פון די גערמאַנישע לענ־דער און פאַלט אריין אין שוואַרצן ים.

פאַרוואָס דערווידערט האָט ער שווער
מיין יוגנט-האָפענונג, מיין באַגער.

דער ערד איר צינז כ'האָב אָפּגעגעבן
פון ליבע, האָפנונג, גוטס און שלעכטס.
כ'בין גרייט באַגיים צו נעמען לעבן.
איך שווייג און וואַרט. די שעה איז רעכט.
ניט לאָזן כ'וועל אויף וועלט קיין ברידער,
און פול מיין נשמה איז מיין מידע
מיט פינסטערניש, מיט גליווערקעלט.
ווי פריע פרוכט און זאַפט געלאָזן
איז זי אין לעבנס-רעש פאַרוועלקט
אונטער דער הייסער זון פון דאָ-זיין.

---

זי זינגט — ווי קושן אויף די ליפן
זיך יעדער קלאַנג נאָך קלאַנג צעגייט.
זי קוקט — און אין די אויגן-טיפן
די הימל-לויטערקייט זיך פרייט.

זי גיט אַ גיי, אַ וואָרט נאָר וואַרפט זי,
איז יעדער קער און שטריך אַליין
אַזוי פיל אויסדרוק, אַזוי האַרציק
און אַזוי פּראָסט און וואונדער-שיין.

---

## קינזשאַל.

אָ, שטאָל געשמידטער מיינער, כ'האָב דיך האָלט,
די פריינד מיין קאַלטער און מיין בעסטער.
כ'האָט אַ גרוזין צוליב נקמה דיך געשטאָלט
און ס'האָט צום שלאַכט געשליפן אַ טשערקעס דיך.

אַ ליליען־האַנט האָט דיך געשענקט אַמאָל
איך געדענק מיר אין רגע פֿון צעשיידן,
און ס׳האָט ניט בלוט געטריפֿט דאַן איבער שטאָל,
נאָר קלאָרע טרער — אַ פּערעלע פֿון ליידן.

און פֿול געהיימען צער האָבן דאַן
די שוואַרצע אויגן אירע מיך געוואָרנט.
און ווי דיין שטאָל ביים ציטערדיקן פֿלאַם
אָט טונקל און אָט ווידער העל געוואָרן.

אַ שטומער ליבע־גאָב באַגלייטסטו מיך אין וועלט
און מיר, דעם וואַנדערער, וועסטו אַ מוסטער ווייזן:
יאָ, כ׳וועל ניט בייטן זיך, ס׳וועט בלייבן האַרט מיין זעל,
ווי דו, ווי דו, מיין פֿריינד פֿון אייזן.

1837

---

הער איך דאָס צאַרטע
דאָס קול דיינס, דאָס קלינגענדע,
און שטייג ווי אַ פֿייגל
האַרץ מיינס נעמט שפּרינגען דאַן.

אויגן אַז הימלשע
און טיפֿע באַגעגן איך,
פֿון ברוסט די נשמה דאַן
בעט זיך אַקעגן זיי.

און אַזוי פֿריילעך איז
און וויינען ווילט זיך מיר,
און כ׳וואָלט אַ וואָרף געטאָן
זיך אויפֿן האַלדז צו דיר.

---

עס שײַנט דער בליק דײַנער װי הימל
מיט עמאַלנבלױ,
און װי אַ קוש דײַן יונגע שטימע
זי קלינגט און זינגט אַזױ.

פאַר הערן נאָר דײַן װאָנדער־רײדן,
פאַר זען דײַן אײגנשטראַל,
װאָלט איך אַװעקגעשענקט מיט פרײד דאָך
מײַן גרױזישן קינושאַל.

איך ער קלינגט זיס אַמאָל און פליטערט
און שײַנט מיט מילדן בלאַנק,
עס זידט דאָס בלוט אין האַרץ און ס׳ציטערט
נשמה פון דעם קלאַנג.

נאָר אימרױען און שטרײַטן האַרטע
מיך ציען ניט נאָך דעם,
װי כ׳האָב געהערט דײַן קול דאָס צאַרטע,
דײַן ליבן בליק דערזען.

---

# צו קאַזבעקן[1].

פון װאַרעמע, פון פרעמדע ערטער
צוריק אױף צפון, װען איך קער,
צו דיר, קאַזבעק, אָ, מזרח־װעכטער,
אַ אָפּשײד־גרוס דיר ברענגט דער גר.

פון אײביק דײַן געקנײטשטער שטערן
מיט װײַסן שלײער איז באַדעקט
און שטאָלצער מענטש װעט ניט צעשטערן
דײַן שטאָלצע רו מיט זײַן געבעט.

1 קאַזבעק — אַ באַרג אין קאַװקאַז.

נאָר זאָלן האַרצנס שטילן ציטער
די פּעלזן דײַנע ברעגנען גלײַך,
און שטערנרײַך, און דײַנע גיטער,
צום שטול פֿון אײביקן אַלאַך.

איך בעט, זאָל קילער-טאָג זיך שפּרײטן
איך שטויב פֿון שליאַך, איך הײסן טאָל,
אַז אין דער וויסטע אין דער טײטער
זאָל איך געפֿינען רו אַמאָל.

איך בעט, עס זאָל מיך קײן געוויטער
מיט פֿײערבלײץ און דונער-שאַל
ניט טרעפֿן מיט אַ פֿערד אַ מידן
און בײַזן טאָל פֿונם דאַריאַל.

נאָך אײן בקשה איז פֿאַרבליבן...
כ'האָב מורא זאָגן... ס'האַרץ טוט װײ....
װאָס אַז פֿון זינט איך בין פֿאַרטריבן
האָט מען פֿאַרגעסן מיך אין דר'הײם!

צי װעל איך דאָרטן טרעפֿן װידער
צעשפּרײטע אָרעמס, פֿרײד און שײן?
צי װעלן פֿרײַנד, צי װעלן ברידער
דערקענען מיך נאָך יאָרן פּײַן?

צי איך װעל שוין אויפֿן בית-עולם
געפֿינען מילדע אַשן נאָר
פֿון יענע גוטע, הײסע, װאַרעמע,
די פֿרײַנד פֿון מײַנע יונגע יאָר.

---

אלאך — אלא — גאָט בײַ די מאַכמעדאַנער.

אָ, איב אַזוי, מיט דיין געוויטער,
קאַזבעק, געשווינדער מיך פאַרדעק,
מיין היימלאָז אַש צעוויי אָן מיטלייד
איבער די בערג־שפּאַלטן, קאַזבעק.

1837

---

ניין, כ'וויל ניט, אַז מיין לעבנס־סוד
זאָל עמעצער פון וועלט דאָ וויסן.
ווי כ'האָב געלעבט, — זאָל ריכטן גאָט,
פאַרוואָס געפּלאָגט זיך — מיין געוויסן.

פאַר זיי נאָר ווידוי טאָן וועט האַרץ
ביי זיי נאָר בעטן וועט עס רחמים.
און זאָל מיך שטראָפן יענער האַר,
וואָס האָט די פּלאָגן צוגעטראַכט מיר.

דער שטאָך פון נאַר, דער שטאָך פון מענטשן
ניט קימערן וועט די היכע זעל.
זאָל חיישן דרייסט די ימען־וועל,
זי וועט ניט אומוואַרפן דעם פעלזשטיין.

זיין קאָפּ אין וואָלקנס שטאָלץ זיך גרייסט
און צוויי יסודות אים באַקרוינען,
און שטורעם נאָר און דונער ווייסט
זיינע פאַרבאָרגענע רעיונות.

---

דו זאָלסט ניט לאַכן פון מיין נביאהדיקן בענקען.
איך האָב געוואוסט: ס'וועט טרעפן מיך דעם גורלס פּסק,
איך האָב געוואוסט, אַז פון דיין שוים אין הענט פון הענקער
אַוועקגיין וועט דער קאָפּ, וואָס דו האָסט ליב געהאַט.

כ'האָב דיר געזאָגט: קיין גליק ניט און קיין רוּה ניט
כ'וועל ניט געפינען דאָ. די שעה פון טויט וועט קומען
און איך וועל פאַלן. און ס'וועט דער קלוגער פיינד
מיין ניט צעבליטן געני שוואַרצן מיט אַ שמייכל,
און איך ניט איבערלאָזן וועל קיין זכר
פון מיינע האָפנונגען און פיין.

נאָר כ'וואַרט אָן גהיל דאָ אויף מיין פריען טויט.
עס שיינט פון לאַנג אַ נייע וועלט מיר ליכטיק...
זאָל דער המון מיין קרוין צעטרעטן דאָ אין שטויב:
אַ האָרנקראַנץ איז קרוין פון דיכטער...
זאָל זיין! איך האָב אים ניט געשעצט...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

---

## דער דיכטער.

עס בלישטשעט מיין קינזשאַל מיט שניט פון גאָלד,
די שטיל איז זיכער אָן אַ קריץ נאָך,
עס איז דער קלונג אויף סודותדיקער אַרט געשטאָלט —
אַן אַרב פון קריגערישן מזרח.

אַ רייטער אין די בערג ז'געוועון זיין באַלעבאָס,
און לאַנג האָט ער געטריי געדינט אים.
ניט אויף איין ברוסט אַ שפּור אַ שרעקלעכן געלאָזט
און ניט איין פאַנצער שוין צעשינדן.

געטיילט פאַרוויילונגען געהאָרכזאַם, ווי אַ קנעכט,
אַקעגן שלעכטע רייד געקלונגען גרויזאַם,
און יענע טעג וואָלט גאָלדשניט אים פאַרשוועכט,
וואָלט אויף אים פרעמד און שענדלעך אויסזען.

עס האָט בײַם טערעק[1] אים פאַרנומען אַ קאָזאַק,
איִיף קערפּער פון זײַן האַר, זײַן טויטן,
אױן לאַנג האָט ער געוואַלגערט זיך אין פּאַק
אין אַן אַרמענער וואַנדער־קליטל.

די שײַד די אײגענע אין שטרײַטן שוין צעקריצט,
באַגלײטער אָרעמער — דעם העלד פאַרלאָרן.
אַ גאָלדן שפּילעכל ער שײַנט אױף באַנט אָט איצט
אין רומלאָז און אָנשעדלעך שוין געוואָרן.

אױן קײנער פּוצט אים ניט, און קײנער גלעט
מיט האַנט מיט זאָרגזאַמער אין מיט געווײנטער,
אין זײַנע אויפשריפטן אין פרײַקן געבעט
שוין קײנער מיט כוונה לײענט ניט...

ניט דען אַזױ אין אונזער אויסגעצירטער צײַט
האָסט, דיכטער, דײַן באַרוף געוואָרפן
אױף גאָלד געביטן יענע מאַכט, וואָס ס'פלעגן לײַט
אין שטומער ערפורכט זי האָרכן.

פון דײַנע ווערטער מעכטיקע דער אָפּגעמעסטער קלאַנג,
צום שלאַכט דעם קעמפער האָט געהויבן.
המון האָט אים גענארפט, ווי צו דעם מאָלצײַט אַ געטראַנק,
ווי ווײַרױך אין דער צײַט פון גאָטעס־לויבן.

ווי גײַסט פון גאָט האָט זיך דײַן פערז געטראָגן איבער פאָלק,
און, אָפּקלאַנג פון געדאַנקען אײדלע,
געקלונגען האָט, ווי הויכער זאַמל־גלאָק
אין גרויסע פײַערטעג, אין טעג פון גרויסע לײַדן.

---

1 טערעק — אַ טײַך אין קאווקאַז.

צו פֿראָסטער שטאָלצער שפּאַך דײנער מיר װײנען קאַלט,
אונז ציען פֿליטערלעך און קונצן.
װי אַלטע שײנהײט. אַלטע װעלט באַהאַלט
אין פּודער־פֿאַרבן אירע רונצלען.

באַשפּאָטער נביא, װעסטו נאָך אַמאָל
צו קײנמאָל ניט אײך נקמה־הויך דערהײבן,
פֿון שײד פֿון גאָלדענער אַרױסציען דאָס שטאָל,
װאָס איז באַדעקט מיט ראָסטן פֿון פֿאַראַכטונג?

1838

---

## ק אַ ז אָ ט.

אײן מאָלצײט הײליקן געװעזן איז ער שטיל פֿאַרטראַכט
אַלײן, פֿון װילדע זײנע פֿרײנד פֿאַרלאָזן,
און אין דער צוקונפֿט־װײט, װאָס איז פֿאַר אונז פֿאַרשלאָסן,
האָט בליק זײן גײסטיקער געװאַכט.

און איך געדענק: די טרױעריק פֿאַרקלערטע
אין דעם געשרײ, גערײד און בעכער־קלאַנג
און געסט־געלעכטער און אין יום־טובדיק געזאַנג
געקלונגען האָבן נביאיש זײנע װערטער.

ער האָט געזאָגט: אָ, יובלט, פֿרײנד, מיט גליק.
װאָס גײט אײך אָן דער גורל פֿון אַ װעלט, װאָס גיססט,
עס װאַגט זיך איבער אײער קאָפּ אַ האַק אַ בלײזע,
נאָר װאָס?... פֿון אַלע אײך די זען װעט נאָר מײן בליק...
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

---

# די ליבע פונם מת.

מיט קאַלטער ערד בין איך פאַרשאָטן,
נאָר סיי־ווי־סיי:
כ'איז אומעטום מיט דיר מיין שאָטן,
מיין ליבער פריינד.

איז לאַנג פון אָפּרו און פאַרגעסן
פאַרגעס איך ניט,
ווי ווילד די ליבע איז געווען,
ווי ליבע גליט.

און שרעק פאַרלאָזט די וועלט און ליידן
פון לעצטער שעה.
געהאַפּט איך שיידונגס־פרייד, נאָר שיידונג
איז גאָר ניטאָ.

געזען האָב איך מלאכים־שיינקייט
און האָב געבענקט,
וואָס כ'האָב דיין בילד צווישן ענגלען
דאָרט ניט דערקענט.

וואָס טויג מיר הימלשער גן־עדן
און געטלעך ליכט.
איך האָב געבראַכט די ערדן־ליידן
אַהין מיט זיך.

און אומעטום מיין טרים מיין נאַרטן
איך טראָג מיט מיר.
איך ווין, איך אייפער און איך גאַר דאָ
ווי פריר, ווי פריר.

ווען ס'ווערט דאָס פּנים דיינס אַ צווייטער
דאָ מיט זיין הויך,
עס ציטערט דאַן אין שטימען וויטאָג
מיין זעלע אויף.

און ווען אין שלאָף אַ פרעמדן נאָמען
דערמאָנסטו ווען,
זיי פלאַם די ווערטער און מיר שטראָמען
מיט גליי און ברען.

דו טאָרסט ניט ליב האָבן קיין צווייטן,
דו טאָרסט דאָס נייטס.
היינט ווערט דורך הייליקס מיט אַ צווייטן
פאַרקנסט דו ביסט.

אָ, וויי, וואָס גילטן די געבעטן,
דיין שרעק וואָס גיט.
דו ווייסט, קיין רו און קיין פאַרגעסן
באַדאַרף איך ניט.

1840

---

## דער געפאַנגענער ריטער [1].

זיין איך ביים פענסטער פון תפיסה אַ שטילער,
כ'זע אָן פון דאַנען אַ הימל אַ בלויען.
פייגעלעך אַלין פרייע אין הימל זיך שפּילן,
קוק איך מיט וויטאָג אויף זיי און בזיון.

כ'האָב ניט אויף ליפּן קיין תפילה פאַרשוועכטע,
כ'האָב ניט קיין ליבליד פאַר ליבסטער פון האַרצן,

[1] א ריטער — א קריגער אין דער מיטלאלטערלעכער אייראפּע.

כ'האָב פאַרגעדענקט נאָר די אַלטע געפּעכטן,
שווערד מײַנע שווערע אין אײַזערנעם פאַנצער.

כ'בין איצט מיט שטײַנערנעם פאַנצער באַוואָרנט,
קאָפּ מײַנעם דריקט מיר אַ העלם פון שטײַנער,
שילד איז פון שווערד און פון פײַלן באַוואָרנט,
פערד מײַנער ליפּט און עס פירט מיט אים קײַנער.

שווינדיקע צײַט איז מײַן פערד מײַן געניטער,
דעק פּינם העלם — זײַנען גראַטעס פון פענסטער,
שילד מײַנער — תּפֿיסישע טירן געשמידטע,
שטײַנערנער פאַנצער — די ווענט אָט די פעסטע.

יאָג־זשע זיך, שווינדיקע צײַט, ניט פאַרשפּעטיק,
ענג איז מיר אונטער דעם פאַנצער דעם נײַעם,
טויט וועט בײַם אָנקום מיר האַלטן דעם טרעטער,
וועל איך אַראָפּ און דאָס פּנים באַפרײַען.

1840

---

## די שכנה.

כ'האָב די האָפענונג אויף פרײַ זײַן פאַרלאָרן
און די תּפֿיסה־טעג זײַנען ווי יאָרן,
און דאָס פענסטער איז הויך און פאַרשמידט,
און אַ וועכטער די טיר דאָ באַהיט.

איך וואָלט גאָר אין דעם שטײַגל געשטאָרבן,
כ'זאָל די שכנה די ליבע ניט האָבן.
אַז מיר זײַנען הײַנט אויף מיט דער זון,
כ'האָב אַ וואונק פון דער גרינג איר געטון.

ס'האָט די תפיסה באַפריינדט אונז צעשיידטע
און באַקאַנט האָט איין גורל אונז ביידע,
און פאַרהיימישט אונז האָט איין פאַרלאַנג,
און אַ פענסטער מיט אייזערנעם שטאַנג.

אַז ביים פענסטער פרימאָרגן איך זעץ זיך,
קאָן איך גאָר מיינע אויגן ניט זעטן.
גיט איר פענסטער אַ קלאַפּ קעגן מיר,
און איר פיזהענגל גיט זיך אַ ריר.

נאָר איין קוק זי אויף מיר האָט געגעבן
און פאַרלאָרן אויף הענטל דאָס קעפּל,
און פון אַקסל אַראָפּ, ווי פון ווינט,
איז דאָס טיכל אין פאַסן געשווינד.

אָבער בלאַס איז די ברוסט די געטאָקטע
און נאָך לאַנג נאָך זי זיצט אַ פאַרזאָרגטע,
און זי בענקט דאָ ווי איך און געפענק,
און ווי איך דאָ נאָך פרייהייט זי בענקט.

אָ, ניט טרויער מיין שכנה, מיין טייבל,
די פאַרוועל נאָר, איז אָפן דאָס שטייגל,
און ווי פייגלעך אין פעלדישער ברייט
וועלן מיר באַלד אַוועק מיט אַ פרייד.

גנבע צו נאָר ביים פאָטער די שליסל,
שיכור אָן נאָר די וועכטער פון תפיסה
און דעם איינעם, וואָס שטייט ביי דער טיר,
וועל איך זען שוין נעמען אויף מיר.

וואַרט נאָר אונטער, די נאַכט זאָל זיין טונקלער
און וואָס שטאַרקער גיב ווין אויף צו טרינקען,
און כּדי איך זאָל וויסן גענוי,
הענג דיין טיכל אין פענסטער אַהיים.

1840

---

* * *

ס'איז דאָ רייד — זייער מיין איז
ניט קלאָר צי ניט ווערטיק,
נאָר היינט קאָן קיינער
ניט הערן די ווערטער.

אַ ווילדער באַגערן
ער קלינגט אין די רייד
און אַ ציטער און טרערן —
פון זען זיך און שיידן.

און וועלטישן וויכער
וועט גייען פאַרלירן
דאָס וואָרט, וואָס פון ליכט
און פון פלאַם איז געבוירן.

נאָר וואו כ'זאָל ניט קערן
און וואו כ'זאָל ניט וואנדערן,
זאָל איך עס דערהערן,
וואָלט איך עס דערקענט דאַן.

פון תּפילה פון מיטן
אַ ענטפער כ'וועל געבן,
פון שלאַכטפעלדער מיט ציטער
זיך וואַרפן אַקעגן.

1840

---

# וואַלעריק.

איך שרייב אייך צופעליק גאָר, כ'לעבן,
איך ווייס ניט ווי און צוליב וואָס.
כ'האָב שוין דאָס רעכט דערויף פאַרלאָרן
און וואָס וועל איך דען זאָגן אייך.
אַז איך געדענק אייך? — פּאָטער וויסער, —
איר ווייסט דאָס שוין אַליין פון לאַנג
און ס'איז געוויס אַייך שוין אַלץ איינס,
און ווילט עס שוין געוויס ניט וויסן.
וואו בין איך וואו, און וואָס איך טו?
מיר ווינען איינס דעם צווייטן פרעמד שוין
און קאָנען זיין דען נאָענט מענטשן.
ווען כ'מיש באַנייעס אויף דאָס אַלטע
און איך באַקלער אַלץ נאָכאַנאַנד
מיט אָפּגעקילטן שוין פאַרשטאַנד,
הער איך אין אַלעם אויף צו גלויבן.
ס'איז לעכערלעך מיט האַרצן לייגן
פאַר זיך אַליין. אַזוי פיל יאָר.
וואָלט דאָס דער וועלט כאָטש עטוואָס אַרן.
און צו דערצו, וואָס טויג עס גלויבן
אין דעם, וואָס איז שוין מער ניטאָ.
ס'איז נאַריש ווייטע ליבע וואַרטן.
געפילן גיין געשווינד היינט איבער.
נאָר איך געדענק אייך. יאָ, כ'געדענק.
כ'האָב אייך פאַרגעסן ניט געקאָנט
דערפאַר, ווייל ערשטנס האָב איך שטאַרק
און לאַנג און לאַנג אייך ליב געהאַט
און כ'האָב מיט אומרו און מיט פּיין
באַצאָלט פאַר טעג פון לויטער גליק,
דערנאָך האָב איך אין בייזן אומעט
געשלעפּט די קייט פון שווערע יאָרן

און האָב דעם לעצטן לעבנס־בליט
געטײַט מיט קאַלטן איבערקלערן.
באַהיט פאַרקערנדיק מיט מענטשן,
פאַרגעס איך יוגנט־שטיפערײַ
און ליבע, דיכטונג, אָבער אײַך
איז מיר פאַרגעסן ניט געלונגען.
זיך צוגעווײנט צו דעם געדאַנק,
איך טראָג מײַן לאַסט און קלאָג ניט מערער.
די, אָדער יענע שטראָף—אַלצאײנס,
איך האָב דאָס לעבן שוין דערלערנט,
און ווי אַ טערק און ווי אַ טאָטער,
איך דאַנק פאַר אַלצדינג גלײַך מײַן מזל.
איך בעט בײַ גאָט קײן גליקן ניט
און שווײַגנדיק מיך טראָגט דאָס בײז.
קאָן זײַן, אַז אָט די מזרח־הימלען
דערנענט האָבן מיך אומווילק
מיט מזרח־לערע. און דערצו
דאָס שטענדיקע דאָס וואַנדערלעבן,
די מי און זאָרגן טאָג ווי נאַכט,
דאָס אַלץ, וואָס שטערט זיך צו באַקלערן,
צום אויסגעשטאַלט דאָס ווידער ברענגט.
די קראַנקע זעל, עס שלאָפט דאָס האַרץ,
דער דמיון האָט דאָ ניט קײן שפּרײַטונג
און ס'האָט קײן אַרבעט ניט דער קאָפּ...
דערפאַר ליגסט און געדיכטן גראָז
און דרעמלסט אונטער ברײטן שאָטן
פון ווײַנשטאָק, צו טשינאַרנבוים.
עס ווײַסן זיך אַרום געצעלטן,
קאָזאַקשע פערדלעך אויסגעדאַרטע
דאָ שטײען אַראָפּגעלאָזט די נאָז,
בײַ די האַרמאַטן שלאָפן זעלנער
און ס'רויכערן זיך קוים די קנויטן.

אַ צווייעדיקע קייט פֿון ווייטנס.
איף דרום־זון באַגנעטן ברענען.
איך הער — אין נאָענטן געצעלט
גייט אַ געשפּרעך וועגן אַמאָל,
ווי מ׳איז אין די טשעטשענער בערג
נאָך מיט יערמאָלאָוון[1] געגאַנגען,
ווי מ׳האָט זיך עס אַמאָל געשלאָגן,
מיר — זיי, און זיי אונז טיילווייז איך.
און אָט דערזע איך, ביי דעם טייכל,
געטריי צו מאַכמעדס געבאָטן,
אַ מאַטער שטיל אַ תּפֿילה ריכט
און הייבט ניט איף פֿון ערד זיין בליק.
אָט זיצט נאָך טאָטערן אַ רעדל.
כ׳האָב ליב דאָס געלע פּנים זייערס,
די היטלען, די צעפּיקטע אַרבל,
דעם וויכן, נאָגנדיקן בליק
און זייער גאָרגלענדיק גערייד.

נאָר שאַ... אַ שאָס. אַהינגעפלויגן
איז סתם אַ קויל. אַ ווײַלער קלאַנג.
אָט — אַ געשריי — און ווידער שטיל
איז אַלץ אַרום. עס פֿאַלט די היץ שוין.
מע פֿירט צום וואַסער שוין די פֿערד.
עס האָבן זיך גערירט די זעלנער,
כ׳איז הינך אַ רייטער און אַ צווייטער.
מע רעדט: וואו איז די צווייטע ראָטע.
„וואָס? לאָדן?“ — „און דער קאַפּיטאַן?“ —
„אַהיסעט גיכער מיט די וואָגנס!“
„באַוועליטש!“... — „וואָס?“ — „דערלאַנג נאָר
פֿייער!“ —

1 יערמאָלאָוו האָט איינגענומען קאווקאַז אין די 20טער יאָרן פֿון פֿאַריקן יאָרהונדערט.

עס קלאַפּט צום איינשטייען די פּויק,
עס ברומט די פֿאָלקישע מוזיק,
קאָלאָנעס גייען. און צווישן זיי
האַרמאַטן קלינגען. מיט באַגלייטער
פֿאָרויס אַוועק דער גענעראַל.
קאָזאַקן האָבן זיך ווי בינען
צעשאָטן אינם פֿעלד דעם ברייטן.
שוין האָבן צייכנס זיך באַוויזן
ביים עק פֿון וועלדל. צוויי און מערער.
אָט אָט פֿאָרט שטאָלץ דאָרט אַ מיוריד[1]
אין אַ טשאַלמאַ[2], און רייטן מלבוש.
עס זידט זיין פֿערד — דער ליכטיק גרייער,
ער פֿאָרט און רופֿט: — נו, ווער וועט וואַגן
אַרויס צו אים און קאַמף און לעצטן.
און באַלד. אָט זעט, און שוואַרצן היטל
האָט אַ קאָזאַק צו אים געלאָזט זיך.
אַרויסגעכאַפּט געשיקט די ביקס.
שוין נאָנט... אַ שאָס... אַ גרינגער רויך.
קאָזאַקן, הוי, געשווינד נאָך אים!
פֿאַרוואונדעט? אַ? ס'איז גאָרניט, ווייס איך,
און אָט אַ שיסעריי פֿאַרקניפּט זיך...

נאָר און אָט די פֿאַרשייטע שטרייטן
איז שפּיל אַ סך און ווייניק נוצן.
און קילע אָוונטן מיר פֿלעגן
זיי אָנקוקן שוין אָפּט אַזוי
אָן בלוטדאָרשטיקער אויפֿגערעגטקייט
ווי אויף אַ טראַגישן באַלעט.
נאָר כ'האָב געזען אַזעלכע שפּילן,
וואָס איר זעט אויף דער בינע ניט.

1 מיוריד — א נזיר — א קאווקאזער סעקטע אין די 20—50 יאָרן פּ. י"ה.
2 טשאלמא — א מין שלייער אויפן קאָפּ, וועלכן ס'טראָגן מאכמעדאנער.

געוועןאיז איינמאָל אונטער געכן.[1]
מיר זיינען הירך אַ טונקלען וואַלד.
מיט פלאַם האָט איבער אונז געברענט
די ליכטיק־בלויע הימל־הויך.
מע האָט דערוואַרט אַ שלאַכט אַ האַרטן.
פון דער איטשקעריע[1] דער ווייטער
זיך האָבן יונגען שוין געקליבן
אין דער טשעטשניע[1] אויף רוף פון שלאַכט.
און איבער אוראַלטישע וועלדער
געפינקלט האָבן טורעם־לייכטערס
און דאָ האָט רויך זיך הויך געצויגן
און דאָ און וואָלקנס זיך געשפּרייט.
און וועלדער האָבן אויפגעלעבט.
געקליבן האָבן ווילד זיך קולות
אונטער די גרינע וואַלד־געצעלטן.
ווי נאָר דער צוג[2] איז אויף דער לאָנקע
אַרויס — פאַרבינדט זיך אַ געשלעג.
מע בעט און אַריערגאַרד האַרמאַטן.
מע טראָגט די ביקסן פון די שטרויכן,
אָט שלעפּט מען מענטשן פאַר די פיס
און אויף אַ קול מע רופט די רופאים...
און אָט פון וועלדל טוט מען פלוצים
מיט גוואַלד אַ וואָרף זיך צו האַרמאַטן.
באַשאָטן ווערט פון בוימערשפּיצן
מיט קוילנשלאַקס דער טייל... און פאָרנט
איז שטיל.... דאָרט צווישן פלאַנצן
אַ שטראָמל יאָגט, מיר קומען נאָענט,
מיר וואַרפן עטלעכע גראַנאַטן,

1 גע׳ן, איטשקעריע, טשעטשניע — נעמען פון קאווקאזער ערטער.
2 דער צוג — דער „אָבאָז” — די פורן מיט פוטער פאַר די זעלנער.

זיך נאָך אַ רוק געטאָן. ס'איז שטיל.
נאָר אָט פֿון אונטער וואַלגער־ברעטער
האָט דאָרט אַ גלאַנץ געטאָן אַ ביקס,
אַ פֿינטל טויטן היטלען צוויי
און ווידער אַליץ אין גראָז פֿאַרפֿאַלן,
דאָס איז געווען אַ גרויזאַם שווייגן.
ניט לאַנג האָט עס זיך שוין געצויגן,
נאָר אין דעם שרעקלעכן דערוואַרטן
האָט איפּגעציטערט ניט איין האַרץ...
און אָט — געשאָס — עס ליגן רייען...
איז וואָס? קיין שרעק. די היגע פֿאָלקן
זיינען געפּרוווט. „באַגנעטן, שטעכט!“
„אינאיינעם!“ — האָט דערהערט זיך הינטן.
און בלוט אין ברוסט האָט זיך צעפֿלאַמט.
די אָפּיצירן איף פֿאָראויס...
האָט רייטנדיק פֿאָריס געלאָזט זיך,
ווער ס'איז פֿון פֿערד זיינס ניט אַראָפּ.
אוראַ! און שטיל. אַנטבלויזט קינזשאַלן.
מיט קאָלבעס! איז אַוועק אַ באָר.
צוויי שעה מע האָט זיך דאָרט געשלאָגן
אין וואַסער־שטראָם. געשניטן גרויזאַם,
ווי חיות, שטיל און ברוסט צו ברוסט
פֿאַרהאַלטן מ'האָט דעם שטראָם מיט גופֿים.
כ'האָב וואַסער אָנשעפּן געוואָלט
(ס'האָט היץ און שלאַכט מיך איבגעמאַטערט),
נאָר ס'איז די איפּגעוויגטע כוואַליע
געווען וואַרעמלעך און רויט.

אין דעמבן־שאָטן אויפֿן ברעג
איז נאָך דער ערשטער ריי פֿון גראָבנס
אַ ראָד געשטאַנען. איין סאָלדאַט
שטייט אויף די קני. פֿאַרגרעבט און ווייסט

זעעז איס די פגימער ביי אַלע.
נאָר פון די שטויב־באַדעקטע ברעמען,
כ׳זע, טרערן טריפן. צוגעשפּאַרט
צום בוים איז זייער קאַפּיטאַן
געלעגן. שטיל האָט ער גענאָסט.
צוויי וואונדן קליינע שוואַרצן קיים
ביי אים אין ברוסט. און קיים נאָך טריפט
פון זיי דאָס בלוט. נאָר הייך און שווער
די ברוסט זיך הויבט. אין ס׳בלאַנקען שרעקלעך
די בליקן זיינע. שטיל ער מורמלט:
אָ, רעטעט, ברידער, מ׳שלעפּט אין בעת!
שטייט, שטייט! וואו איז דער גענעראַל?
איך הער ניט... לאַנג האָט ער געקרעכצט,
נאָר שוואַכער אַלץ — אין ביסלעכוויז
גאָר איינגעשטילט — און אויסגעגאַנגען.
איך ביקסן אָנגעשפּאַרט אַרום
געשטאַנען זיינען גרויע זעלנער
אין שטילערהייט געוויינט. דערנאָך
האָט מען דעם קאַלטן קערפּער זיינעם
מיט מאַנטל זאָרגזאַם איינגעדעקט
און אים אַוועקגעטראָגן שטיל...
איך האָב זיי נאָכגעקוקט מיט צער.
מ׳האָט לעבן מיר מיט זיפץ דערמאָנט דאָ
חברים, פריינד און גוטע־ברידער,
נאָר ניט געווען ביי מיר אין האַרץ איז
ניט קיין באַדויער, ניט קיין טרויער.

פאַרשטילט איז אַלץ. די טויטע קערפּערס
צונויפגעשלעפּט. ס׳האָט בלוט פון זיי
געשטראָמט נאָך רויכיק איבער שטיינער.
און מיט דעם שווערן הויך פון בליטן
די לופט איז פול. דער גענעראַל

האָט צעגוועצט זיך אויף דער פּיק
און האָט ראַפּאָרטן אָפּגענומען.
דער וואַלד אַרום, ווי אין אַ נעפּל,
האָט זיך אין פּילווער־רויך געבליט
און דאָרטן ווייט מיט ביַיט ניט גלייכער,
נאָר אייביק־רוִקער און שטאָלצער
און זייער שניר־דעק האָבן בערג
געצייגן זיך. און ס'האָט קאַזבעק
געשיינט מיט קאָפּ מיט זיין פאַרשפּיצטן.
און מיט אַ שטילן האַרצנס־צער
האָב איך געטראַכט: — געמיינער מענטש,
וואָס וויל ער נאָך? ס'איז קלאָר דער הימל,
און אָרט איז דאָ גענוג פאַראַנען,
נאָר אָן אַן עק און אָן אַ אויפהער
דער מענטש, ער איינער, שטרייט. צו וואָס?
גאַליב צעריסן האָט מיין שווייגן
מיט קלאַפּ אין אַקסל. מיין קונאַק
איז ער געווען. האָב איך געפרעגט אים:
דאָס אָרט דאָס דאָזיקע, ווי רופט מען?
האָט ער געענטפערט — וואַלעריק.
אויף אייער שפּראַך וואָלט דאָס געהייסן
דאָס טויטע טייכל. אַלטע לייט
געגעבן האָבן דעם דעם נאָמען.
— און וויפל האָבן זיך אַן ערך
געשלאָגן היינט? — אַ זיבן טויזנט.
און וויפל האָבן זיי פאַרלאָרן?
ווער ווייס? וואָס האָט איר ניט געציילט?
— זיי וועלן — האָט געזאָגט דאָ איינער —
דעם טאָג דעם בלוטיקן געדענקען.
אַ שמייכל האָט געטאָן גאַליב
און מיטן קאָפּ געטאָן אַ שאָקל...

נאָר איך האָב מורא איך דערעסן,
בײַ אײַך דאָרט װעלן נאַריש איבזען
די װילדע אומרועןפֿון קריג;
איר זײַנט ניט צוגעװײנט צו קלערן
און שװערן צער װעגן סוף.
אײַך אײער יונג געזיכט ז'קײן שפּורן
פֿון זאָרג און טרויער ניט געפֿינען.
איר האָט אַװדאי קײנמאָל נאָך ניט
געזען נאָענט, װי מע שטאַרבט.
זאָל גאָט אײַך העלפֿן דאָס ניט זען
אױף װײַטער אויך. ס'איז דאָ גענוג
דאָך אַנדער זאָרג. איז דען ניט בעסער
און זעלבסטפֿאַרגעסנהײט פֿאַרגײן,
מיט שלאָף מיט װאַכלאָזן אײַנשלאָפֿן
און טרוימען װעגן נאָנטן אױפֿשטײן.

אַצינד, אַדיע! און אױב ס'װעט אײַך
מײַן אײנפֿאַכע דערצײלונג מײנע
דערפֿרײען, פֿאַרנעמען כאָטש אַ ביסל,
כ'װעל אױך זײַן גליקלעך. אָלא ניט,
פֿאַרצײַט עס מיר, װי שטיפֿערײ
און גיט זיך שטילערהײט אַ זאָג: — „אַ ליגן!"...

1840

---

## די לעצטע היים.

אַצינד, װען פֿראַנקרײַך שײַנט מיט פֿרײד־געשרײען,
מיט קלאַטשערײ באַגעגנט דאָס געבײן פֿון דעם,
װער ס'איז געשטאָרבן שײַן פֿון לאַנג און שטומע װײען,
און װיסט פֿאַרטריבנקײט, און קײטן־קלעם;

אַצינד, ווען מיט דעם שטענדיק־גרייטן כבוד
די וועלט דעם שפעטן תשובה־דראַנג באַקרוינט
און ווען, פאַרגעסנדיק דעם עבר,
זיך גרייסט דער זעלבסטצופרידענער המון, —

קאָן איך שוין מער אין זיך פאַרדראָס ניט טראָגן.
איך זע די נישטיקייט פון אָט דעם פייערלעכן סוף
און ס'ווילט זיך מיר דעם פאָלק דעם גרויסן זאָגן:
דו ביסט אַ קליינלעך פאָלק, אַ פּוסטס!

ביסט קליינלעך שוין דערפאַר, וואָס גלויבן, רום, גאונות,
אַלץ, אַלץ, וואָס איז דער ערד נאָך גרויס און הייליק איז,
מיט שפּאָט מיט נאַרישן פון קינדער קליינע
האָסטו צעטראָטן מיט די פיס.

פון רום געמאַכט אַ שפּיל, פון צביעות האָסטו
אַ הענעקעריש געווער, פון פרייהייט אייך
און וואָס עס האָבן פאָטערס דאָ געלאָזט דיר,
האָסטו פאַרלענדט מיט גאַנצן כוח.

און אָנגעקומען איז ער העלפן אין דיין קלעם דיר
מיט שטרענגן בליק פון גאָט געשיקט
און ס'האָבן אַלע פאַר אַ פירער אָנערקענט אים
און אייער לעבן האָט אין אים צעבליט.

און איר האָט ווידער זיך אונטער זיין האַנט פאַרפעסטיקט
און שטום מיט ציטער האָט די וועלט געשפּירט
דאָס וואונדערקלייד פון רום, פון מאַכט דער גרעסטער,
און וועלכן ער האָט אייך אויסגעצירט.

און אומעטום אַליין. אַ קאַלטער, אַ געטרייער
אַ פאָטער דער אַרמיי, דעם רומס געליבטער זון,

אין וויסטעס מיצרישע, אין מאָסקווער שניי און פייער
בײַ וועגט פון קניענדיקן ווין.

און ווען אין פרעמדע פעלדער אין פּאַרווייטע
האָט ער מיט אומקום זיך געראַנגלט שטאָלץ,
געטרייסלט האָט איר דאָ, די מאַכט, ווי לאַסט דערווײַלטע
און האָט אַ מעסער אין געהיים געשטאָלט.

צווישן יאַשדיקע קראַמפּן און אין שלאַכטן לעצטע
האָט איר דעם כבוד אייגענעם פאַרשוועכט
און ווי אַ פרוי אין אים האָט איר געפעלשט דאַן
און האָט פאַרראַטן אים, נו קנעכט.

אָן בירגער־רעכט און אָן אַ אָרט געבליבן,
האָט ער אַליין פון קאָפּ זיין קרוין אַראָפּגעטון.
און פאַר אַ משכן אייך געלאָזט זיין זון זיין ליבן,
האָט איר דעם שונא אָפּגעגעבן אויך דעם זון.

און דאַן אין קייטן אָנגעטאָן און מיט בזיון
האָט מען פון ווײַנענדיקן חייל אַוועקגעפירט דעם העלד
און אויף אַ פרעמדן אינזל אונטער ימען בלויע
איז ער פאַרגעסן און אין עלנטקייט פאַרוועלקט.

אַליין־פאַרפייניקט פון נקמה, ניט געשטילטער
מיט שטומלאָזן, מיט שטאָלצן באַנג
און ווי אַ זעלנער אין זיין מאַרש־מאַנטל פאַרהילט דאָרט
באַגראָבן איז פון אַ געקייפטער האַנט.

נאָך יאָרן זיינען הורך און לייכטזיניקע חישן
המונים: גיט אונדז אָפּ זיין הייליקן געביין,
ער קער צו אונדז. ווי זאָמען פון אַ שניט אַ גרויסן
מיר וועלן אים באַהאַלטן דאָ אין אונזער היים.

און ער האָט זיך אַהיים געקערט. און מ'לויפט שוין,
מע שטויסט זיך אַרום אים, אַזוי ווי פריר,
און אין אַ אָרון פרעכטיקן אין רוישנדיקער הויפטשטאָט
די טליענדיקע רעשט מע פירט.

באַקרוינט איז מיט ערפאָלג דער ווילן שפּעטער
און קורצע זיינע פרייד פאַרגעסן שוין,
מיט זעלבסטצופרידענעם געלעכטער טרעט אים
דער ערשט פאַר אים פאַרצאַפּלטער המון.

און ס'איז מיר אומעטיק, ווען כ'טראַכט, אַז ס'איז פון איצטער
די שטילקייט הייליקע צעשטערט
אַרום אָט דעם, ווער ס'האָט ביי זיך אין וויסטע
אַזוי פיל יאָרן רו און שלאָף באַגערט.

און אויב דעם פירערס גייסט צום נייעם אָרון,
וואו ס'ליגט שוין זיין געביין וועט קומען ווען,
אַ וואָסער גרויסער צאָרן
וועט איבערזיין אין אים פון דעם.

ווי ער וועט בענקען דאָ אַ טרויעריק־באַדריקטער
נאָך אינזל זיניקן אין וויטער ימים־מיט,
וואו עס האָט אים ווי ער דער אומבאַזיגטער,
דער גרויסער אָקעאַן באַהיט.

---

## פאָטערלאַנד.

מיט אַ באַזונדער ליבע ליב מיין היימאַט האָב איך,
עס קאָן זי ניט באַזיגען מיין פאַרשטאַנד.
ניט רום, וואָס איז מיט בלוט דעראָבערט
און ניט די שטאָלצע רו פון פאָטערלאַנד

אין ניט די אוראַלטע לעגענדעס די געהיימע
ניט וועקן אויף אין מיר די ליבע טרוימען.

נאָר ליב האָב איך, איך ווייס גאָרניט פאַרוואָס
דאָס קאַלטע שווייגן פון די ווייטע פעלדער,
דאָס וויגן זיך פון די געדיכטע וועלדער,
דעם ימען־ברייטן טייך־צעגאָס...
כ'האָב ליב זיך יאָגן אויף אַ פור אויף שמאָלע וועגן,
מיט בליק מיט לאַנגזאַמען צערייסן נאַכט־געדיכט,
צו קלערן פון אַ בעט און שפּירן זיי אַקעגן
פון דערפער טרויעריקע די ציטערדיקע ליכט.
כ'האָב ליב דעם ריח פון אָפּגעברענטע שניטן
אין וואַנדערנדיקע וועגענער אין סטעפּ
און צווישן פעלדער געלע אין דער מיטן
בערעזעס ווייסע צוויי מיט היכע קעפּ.
מיט פרייד פון ווייניקע געשעצטער
איך זע אַן אָנגעפילטן טויק,
אַ שטוב, וואָס איז באַדעקט מיט שטרוי,
געשניצטע לאָדנס אויף די פענסטער.
און אין אַ אָוונט מיט אַ טוי באַפייכטן
אום יום־טוב, כ'בין ביז האַלבנאַכט גרייט
צו זען די טענץ מיט טופּען און מיט פייפן
און הערן פויערישן, שיכורן גערייד.

---

# באַרעכטיקונג.

ווען פון מיין ליידנשאַפט און ליידן,
ווען פון מיין בלאָנדזשען אויף דער ערד
וועט שוין אַ זכר ניט פאַרבלייבן,
אַ בלייבער זכר און ניט מער.

ווען ה'ס אין ערד וועט שוין געפינען
דאָס האַרץ מיינס, וואו ס'האָט בלויז געפּרויזט
וואו אַזוי ווילד, אַזוי אומזיניק
האָט ליבע זיך מיט האָס געטוישט.

ווען אינטער אורטייל אַלגעמיינעם
וועסטו אַראָפּלאָזן דעם קאָפּ
און ווען דיין ליבע, לויטער-ריינע,
וועט זיין פאַר דיר צו שאַנד און שפּאָט.

אין יענער שעה, איך בעט, מיט בייזן
אָ, ניט דערמאַן און ניט פאַרשעלט
דעם, וואָס מיט זינד פון ליבע הייסער
האָט דיר די יוגנט-טעג פאַרשטעלט.

און זאָג: ניט זיי, די פאַלשע מענטשן,
זאָל גאָט אונז ריכטן פאַר די זינד,
ווייל רעכט פון שענקען און פון בענטשן
האָסטו דורך ווייטאָג זיך פאַרדינט.

---

# אַ תּנאַי.

זאָל וועלט שוין מיט פאַראַכטונג שטעמפּלען
אונזער פאַרבאָרגענעם פאַרבאַנד
און זאָלן מיר ביי מענטשן טעמפּע
ניט הייסן גאָר קיין ווייב און מאַן.

נאָר פאַר קיין געצן וועל איך קיינמאָל
ניט בייגן מיינע שטאָלצע קני.
ווי ד' בין איך זיי ניט קיין שונא.
און האָב זיי ניט באַוואונדערס ליב.

ווי דו אין פרייד־געוויש איך דריי זיך
און צייכן קיינעם דאָ ניט אוים.
מיט קלינגן און מיט נאַר איך טייל זיך
פאַר זיך אַליין, איך לעב מיר בלויז.

מיר ווייסן, ווי צו שאַצן מענטשן,
נאָר ערדיש גליק אונז גייט ניט אָן.
מיר ווען זיך אַליין ניט פעלשן
און קיינער אונז ניט פעלשן קאָן.

מיר האָבן אויסגעוויילט איינם ס׳צווייטן,
צונויפגעגאַן זיך אויף צעגיין —
די ליבע איז אָן פרייד געווען,
אָן טרויער זיין וועט דאָס צעשיידן.

---



געדענקסט, ווי מיר האָבן זיך דערמאָלט
צעשיידט אין אָונטיקן דעמער.
אַ שאָס האָט דאַן געטאָן אַ שאַל,
מיט אומרו האָבן מיר געהערט אים.
געצאַנקט האָט שוין דער לעצטער שטראַל
און נעפל האָט אויף ים געמערט זיך.
אַהוין מיט שווערקייט איז דאָס שאַלן
און ערגעץ אין תהום פאַרפאַלן.

איצט אָפט אַזוי נאָך מי, נאָך שווערער,
איך טרוים פון דיר און דיך דערמאַן
און בלאַנקענדיק ביים וויסטן ים
די אָונטיקע שאָסן הער איך.

און װערן שאָסן איינס נאָך איינס
דורך גראָװע כװאַליעס בײַז פֿאַרגאָסן,
מיך קלעמט אַ װייטאָג און איך װיין
און שטאַרבן װיל איך מיט די שאָסן...

1841

---

* * *

פֿון אונטער האַלבער מאַסקע דער געהיימער און דער קאַלטער
האָט מיר דײַן שטים געקלונגען װי אַ זיסער טרױם.
די רייצנדיקע אויגן האָבן אויסגעשטראַלט מיר
און ריינע פֿאַלשע ליפּן האָבן מיר געשמייכלט קוים.

דורך גרינגן רױכל כ׳האָב באַמערקט אומװיליק
די װײַסקייט זייבערע פֿון באַקן און פֿון האַלז.
אַ גליקלעכער, האָב איך געזען אַ לאָק אַפֿילו,
װאָס האָט אויסגעשלאָגן זיך פֿון קרײַזנכװאַל.

און אין מײַן דמיון האָב איך דורך אָט די סימנים
באַשאַפֿן מיר דער שיינהייט מײַנערס בילד
און כ׳טראָג די זעונג אום בײַ זיך אין נשמה
פֿון דעמאָלט אָן און כ׳ליב און גלעט זי שטיל.

און ס׳מאָלט זיך מיר נאָך אַלץ — דאָס העלע רײדן
האָב איך שוין װען עס איז אַמאָל געהערט,
און עמעץ רופֿט מיר אײַן, אַז ס׳איז אונז בײדע
זיך טרעפֿן נאָך אַמאָל, װי אַלטע פֿרײַנד, באַשערט.

1841

---

* * *

ניט וויין, ניט וויין, מיין טייער קינד,
דיין בייזע פיין איז ער ניט ווערט גאָר.
ער האָט געליבט דיך איף אַ ווערטל,
ער האָט מיט דיר זיך גלאַט געשפּילט.
איז דען אין גרויזע שוין מיין
ניטאָ קיין שיינע יונגען, וואוילע,
מיט שוואַרצן וואָנס, וואָס קרייזט זיך שיין.
מיט אייגן — גליענדיקע קוילן.

פון לאַנד פון פרעמדן, פון דער וויט,
האָט אים זיין גליק אַהער פאַרטריבן,
ער קומט דאָ זוכן רום און שטרייט
און וואָס האָסטו געקאָנט אים געבן.
ער האָט באַשאָנקען דיך מיט גאָלד,
געשוואוירן אייביק דיר געהערן;
פאַר ליבע טייער דיר געצאָלט,
נאָר וועט ניט שאַצן דיינע טרערן.

---

## דער וויכוח.

מיטן באַרג קאַזבעק אַנומלט
האָט דער באַרג עלברוס[1]
פאַר די בערג, וואָס דאָרט אַרימעט
זיך פאַרפירט אַ שמועס.
„היט זיך!" האָט דאַן צו קאַזבעקן
גרייזער שאַט געזאָגט:
„ווייכט נאָך ניט, אַ וועלכע שרעקן

---

1 עלברוס אָדער שאַט — איז דער העכסטער באַרג פון קאַווקאַז.

מענטשנס מאַכט דיר טראַגט!
ער וועט אָנביען געצעלטן
איף די טרעפ פון בערג,
און דער טיף פון דיינע שפּעלטן
העלן קלאַפּן העק.
און ס׳וועט רייסן זיך דאָס אייזן
און דיין שטיין־געגליד,
גאָלד און קופּער דאָרטן רייסן,
לאָזן שווערע שניט.
זע, עס גיין שוין קאַראַוואַנען
איבער יענער הייך
וואָס נאָר אָדלערס און טומאַנען
האָבן ווען דערגרייכט.
מענטש איז קלוג. ס׳איז שווער געווים דאָך
תמיד ערשטער שטיים —
היט זיך, היט זיך פאַרן מורה —
ער איז שטאַרק און גרוים״.

— כ׳האָב פאַר מורה ניט קיין מורא —
ענטפערט אים קאַזבעק.
ס׳שלאָפט דער מענטש שוין דאָרט ניין דורות,
שלאָפט גאָר אָן אַן עק.
זע: אין אַ טשינאַרנשאָטן
אַ גרוזינער זיצט
און איף איינגענייטע בגדים
זיכן ווין צעגיסט.
ביי די פּערלנע פאָנטאַנען,
הייכערנדיק קאַליאַן
איף קאָלירענע דיוואַנען
דרעמלט טעהעראַן.
זע, צופוס פון ירושלים
ווייסט און שטומערהייט

ליגט פון גאָט געלאָזט אין פייער
אַ מדינה טויט.
ווייטער דאָרט אין זין פאַרלאָרן
געלער נילוס שווענקט
פון די מלכותדיקע קברים
דעם צעגליטן שטיין.
צוליב פאַרביקע געצעלטן
האָט דער בעדוין
חיוב פאַרלאָזט. און ווען העלדן
אַ פאַרטשוימטער זינגט.
אַליין, וואָס פאַרן איך איז אָפן,
שלאָפט אין די פאַרוויגט.
ניט פון מזרח פוגם גראָזון
וועל איך זיין באַזיגט.

— ניט באַרים פּאָרייס זיך, ברודער! —
מאַכט דער אַלטער שאַט,
זעסט אין נעפל עפעס הודערט
דאָרט אין צפון-זייט.
אין קאַזבעקן האָט געטראָפן
אָט די בשורה שווער,
און צעמישט אויף טונקלען צפון
זיך פאַרקוקט האָט ער.
און ער קוקט זיך איין פאַרלעגן,
קוקט זיך טיף פאַרקלערט,
זעט אַ מאָדנע מין באַוועגונג,
קלאַנג און רויש ער הערט.
פון אוראַל ביז טייך דעם גרויסן,
ביזן טייך הונאַי
שיינען, וויגן זיך און רוישן
פאָלקן ריי נאָך ריי.

ווייסע וויגן זיך סילטאַנען,
ווי דאָס גראָז אין סטעפּ.
בונטע יאָגן זיך אולאַנען
אין אַ שטויב פאַרוועבט.
גייען קריגער־באַטאַליאָנען
אין די רייען ענג,
איף פאָראויס זיי טראָגן פאָנען,
פייקן קלאַפן שטרענג.
באַטאַרייען רוישן, לויפן
מיט אַ קופּער־פראַנט
און עס רויכערן זיך קנייטן
גלייך אַ שלאַכט איז נאָנט.
און מיט אויגן בייז צעשטראַלטע
און אין שלאַכט געניט,
די אַרמייען שיין אַן אַלטער
גענעראַל דאָרט פירט.
מעכטיק גייען אַלע פאָלקן,
רישיק ווי אַ טייך,
שרעקלעך לאַנגזאַם ווי די וואָלקנס
און אויף מזרח גלייך.

און שוין פול מיט שווערע גרוילן
און מיט שוואַרצער פּיין
האָט קאַזבעק שוין אויסצוציילן
ניט געקאָנט דעם פיינד.
נאָר באַקוקט מיט טריבע אויגן
זיינע בערג אַרום,
טיף דאָס היטל אָנגעצויגן
און געבליבן שטום.

1841

# דער פעלז.

ס'האָט אַ גאָלדן וואָלקנדל גענעכטיקט
אויף דער שויס פֿון ריזנפעלז, אַ זקן,
און פֿאַרטאָג זיך פֿרי אין וועג אַוועקגעטראָגן
מיט אַ שפּיל אין ליכטיקן געלעכטער.

נאָר אַ פֿייכטער שפּור האָט זיך פֿאַרהיט דאָרט
אין דעם שפּאַלט פֿון אַלטן פעלז דעם גרויען.
עלנט שטייט ער אַ פֿאַרזונקענער אין טרויער
און ער וויינט אַ שטילער אין דער מדבּר.

1841

---

# טאַמאַרע.

וואו טערעק די פֿינסטערניש בּויערט
אין טיפֿן דאַריאַלישן טאָל,
אויף פעלז האָט אויף שוואַרצן געלויערט
אַ טורעם אַן אַלטער אַמאָל.

אין טורעם אין הייכן אין ענגן
האָט מלכּה טאַמאַרע געלעבּט.
אַ מלאך פֿון הימלען די שיינקייט
און בּייז ווי אַ גהינמישער שד.

דורך נעפּל פֿון האַלבּ-נאַכט האָט דאָרטן
אַ פֿלעמל אַ גאָלדנס געוואַכט
און גייערס אין וועג זיך געוואָרפֿן,
גערופֿן אויף אָפּרו אין נאַכט.

אין ס'האָט דאָרט טאַמאַרע געזונגען
מיט שטימס פֿיל בּאַגער און פֿאַרלאַנג,

און מעכטיק מיט צויבער געקלונגען
און מיט אַ פֿאַרבאָרגענעם צוואַנג.

און סתר, און פֿאַסטעך, און פּריץ
איז געגאַנגען איין רוף פֿון דער שטים.
אַ שמרענגער האָט דאָרטן אַ סרים
געעפֿנט די טירן פֿאַר אים.

און זי האָט די געסט שוין באַגעגנט
אין גאָלד און אין פּערל געקליידט,
געוואַרט האָט שוין פּוכיק געלעגער,
צוויי בעכער מיט ווײַן שוין פֿאַרגרייט.

געפֿלאָכטן זיך העגט האָבן הייסע
און ליפּ האָט געקלעפּט זיך צו ליפּ.
הירך נאַכט האָבן, ווילדע, צעברויזטע
געטאָסן זיך קלאַנגען פֿון ליד.

ווי הונדערטער יונגען און מיידלעך
דאָרט וואָלטן אין טירעם אָן ליכט
און טענץ און די ווילדע געדרייט זיך
און חופּה־לוויות געריכט.

ווי נאָר אָבער שוין פֿון פֿרימאָרגן
האָט איבער די בערג זיך צעשפּילט,
איז ווידער דאָרט ווּסט און פֿאַרבאָרגן,
איז ווידער געוואָרן פֿאַרשטילט.

נאָר טערעק האָט ווילד זיך געוואָרפֿן,
געבתּימט אינם טאָל פֿון דאַריאַל.
אַ וואַל נאָך אַ וואַל איז געלאָפֿן,
אַ וואַל האָט געטריבן אַ וואַל.

זיי האָבן דעם קערפּער געאיילט זיך
פֿאַרטראָגן מיט יאָמער און קלאָג,
און פֿענסטער האָט עפּעס געווייסט זיך.
אַדיע, האָט געקלונגען אין טאָג.

און געווען אַזוי צאַרט איז די שיידונג,
אַזוי זיס האָט געקלונגען דאָס קול,
באַגלייך עס וואָלט צוגעזאָגט פֿריידן
פֿון זען זיך ווידער אַמאָל.

---

## דאָס ווידערזען.

פֿון אונטער באַרג איז איינגעגאַן
שוין לאַנג דער אָוונטשטראַל,
עס הערט נאָך קוים דער רוישיקער
דער שטראָם פֿון הייסן קוואַל.
עס זיינען פֿיל די גערטענער
מיט לעבעדיקן הייך.
טיפֿלים איז שטיל. מע הערט אים ניט.
און טאָל איז טונקלער חייך.
און צו אַ מענטש אַ ווינדיקן
אַ שווערער חלום קומט
און מיט די קליינע קינדערלעך
מלאכים שמועסן פֿרום.

דאָרט אונטער פֿעסטונג אוראַלטער,
אויף וויסטן בייזן באַרג
איך ליג ביי אַ טשינאַרנבוים
אויף טעפּעך און איך וואַרט.
איך ליג דאָ אין פֿאַרלעגנהייט,

צי איז דאָס איף דער וואַך
האָסטו מיר אַ באַגעגעניש
באַשטימט אין בייזער נאַכט.
און אין דער שעה געהיימנישער,
נאָר זיסער ליבע־שעה,
עס תופן מיינע טרוימען דיך,
מיין ליבער פריינד, אַט דאָ.

פון אונטן ברענען פייערן
נאָר איף דער בריק אַליין
און קלויסטער טורעמס פינסטערע
ווי הויכע וועכטער שטיין.
און ווייסער קיט און פאַרנווייז
מיט אומגעוואַגטן טראָט
גתזינער פרויען זע איך דאָרט
איצט גייען פון דער באָד.
זיי גיין מיט נאַסן ליידיקע
און שלייכן קוים אַדורך,
נאָר כ'קאָן גאָרניט דערקענען איצט
דיך אונטער לאַנגן טוך.

איך זע פון ווייט דיין שטיבעלע
וואָס מיטן גלאַטן דאַך.
עס באָדט אַ וואַקל־טרעפעלע
דער גאַניק דאָרט אין טייך.
און קילקייט, וואָס איף בלוילעכן
איף טייך קוראַ דאָ שוועבט,
איז עס מיט נעץ מיט פלישענער
מיט גרינענדער פאַרוועבט.
און אונטער הויכן פאָפלבוים
אַ פענסטער זע איך איך,
נאָר מיט קיין עלנט פייערל
דאָס פענסטערל ניט לייכט.

איך וואַרט. עס בלאָנקעט אומרויִק
און פֿאָרשנדיק מײַן בליק.
דעם טעפּעך כ'האָב צעשניטן שוין
מיט מײַן קינזשאַל אױף שטיק.
איך וואַרט און וויסטן קלעמעניש
און שווער איז מיר און ווײ.
אָט טוט מיט קאַלטער פּײַכטיקייט
פֿון מזרח־וייט אַ ווײ.
און אונטער נעפּלען רוישלען זיך
פֿון גרײַזע בערג די צײַן
און סוחרים פֿון דער שטאָט אַרויס
מיט קאַראַוואַנען גײן.
אַוועק איר טרערן שענדלעכע,
אָ ייִד, אָ ייִד מײַן בלוט.
די שלאַנג, עס איז פֿאַרשטענדלעך מיר
דײַן שוואַרצע פֿעלשונג גוט.
איך ווײס, פֿאַר וועלכע צוזאָגן
האָט נעכטן איבער בריק
געיאָגט ווי אַ משוגענער
האָט דאָ אַ טאָטער־יונג.
אָ ניט אומזיסט בײַ פֿענסטער דײַן
שטאָלצירט ער, ניט אומזיסט,
און בײגלעט דעם אָגער פּערסישן
דײַן פֿאָטער דאָרטן איצט.

אַ ביקס אַ לאַנגע נעמען וועל,
פֿון טויער כ'וועל אַרויס,
דאָרט אונטער פֿעלז דעם עלנטן
אַ קער אין וועג איך ווײס.
און אונטער שטיבל אײביקן
כ'וועל וואַרטן דאָרט געניקט
און איבן שליאַך דעם שטויביקן

כ׳וועל אָנצילן די ביקס.
א׳מזיסט דיין ברוסט באַוועגט זיך נאָך,
מיין האַנט איז פעסט אין האַרט.
אָט הערן טלאָ זיך נאָענטע שיין,
אָ, מערדער, זיך דערוואַרט...

1841

* * *

אַראָפּ איז אַ בלעטל אַ דעמבנס פון היימישן צווייגל
און ס׳האָט אים אַ ווינטער אַ בייזער געטריבן, און סטעפּ אים פאַרקייקלט,
פאַרוועלקט און פאַרטריקנט געוואָרן פון היץ און פון קעלט
און פון קומער,
און אָט און צולעצט איז צום ים צו דעם שוואַרצן געקומען.

ביים ים ביי דעם שוואַרצן דאָרט שטייט אַ טשינאַרע אַ יונגע;
דער ווינט מיט איר רעדט און ער גלעט אירע צווייגן די גרינע.
אויף צווייגן אויף גרינע דאָרט וואונדערשע פויגלען זיך וויגן
און וועגן דער ימים־פּרינצעסין דאָרט לידער זיי זינגען.

און ס׳האָט זיך צו הייכער טשינאַרע געטוליעט דאָס בלעטל
און רוע און שוץ האָט מיט האַרציקן צער געבעטן.
און זאָגט איר אַזוי: כ׳בין אַ בלעטל אַ דעמבנס, אַן אָרעמס,
אין היימלאַנד און בייזן געוואַקסן, און פרי בין איך צייטיק געוואָרן.

אַליין און אָן צילן איך וואָגל שוין לאַנג איבער וועלטן.
פאַרטריקנט, אָן שאָטן, אָן שלאָף און אָן רוע כ׳בין פאַרוועלקט שוין.
אָ, נעם־זשע מיך צו צווישן בלעטער סמאַראַגדענע דינע,
איך קאָן דאָך דערציילן דיר מעשיות וואונדערלעך פיינע.

וואָס גייסטו מיר אָן—האָט די יונגע טשינאַרע דערווידערט—
ביסט געל און פאַרשטויבט און קיין חבר ביסט ניט מיינע קינדער.
געוועזן האָסטו פיל, נאָר צו וואָס דיינע מעשיות מיר טויגן,
מיר האָבן דערעסן פון לאַנג אויך די הימלשע פייגלען.

איז גיי זשע דיר ווייטער, חי פרעמדער, איך וויל דיך ניט קענען
אינגאַנצן.
די זון האָט מיך ליב און פאַר איר נאָר איך בלי און איך
גלאַנץ דאָ.
אין הימל צעוואָרפן כ'האָב פריי מיינע צווייגן די שטאָלצע
און ס'וואַשן די כוואַליעס די קאַלטע פון ים מיינע וואָרצלען.
1841

---

## די ים-פרינצעסין.

באָדט דער בן-מלך אין ים דאָרט זיין פערד.
קוק אַהער! — האָט ער פלוצים דערהערט.

שרעקט זיך דאָס פערד און מיט אויערן שפינט,
שפריצט זיך און בלאָזט זיך און ווייטער זיך שווימט.

הערט דער בן-מלך: — אַ בת-מלכה כ'בין
ווילסטו פאַרברענגען מיט מיר ביז באַגין.

אָט און ס'באַווייזט זיך פון וואַסער אַ האַנט,
פראַנזן פון ויידענעם צוימל זי פאַנגט.

נאָכדעם באַווייזט זיך אַ מיידלשער קאָפּ,
ימישעם גראָז האָט פאַרדרייט זיך אין צאָפּ.

אויגן די בלויע מיט ליבע צעשטראַלט,
ציטערן שפריצן ווי פערל אויף האַלז.

קלערט דער בן-מלך, ני וואַכט, וועסט שוין זען,
גיט מיט דער האַנט פאַרן צאָפ זי אַ נעם.

האַלט ער זי. פעסט איז די האַנט אין געוויינט,
צאַפּלט זי, בעט זיך בײַ אים און זי וויינט.

שווימט דער בן-מלך צום ברעג צו אַהיים,
כאַפּט די חברימלעך זיינע צונויף:

— פריינד איר פאַרשייטע, אַהער ניט געזאַמט,
זעט, ווי עס צאַפּלט מיין פאַנג אין דער האַנט.

וואָס-זשע פאַרלוירענע שטייט איר אַזוי,
האָט איר נאָך קיינמאָל געזען אַזאַ פרוי?

וואַרפט דער בן-מלך אַ קוק אויף צוריק,
ווערט אים פאַרפינסטערט זיין שמייכלענדער בליק.

זעט ער: עס ליגט איבן גאָלדענעם זאַמד
מיט עק מיט אַ גרינעם אַ וואַנדער פון ים.

עק איז מיט שלאַנגישע שופּן באַדעקט,
דרייט זיך און ציטערט און ס'צאַפּלט דער עק.

שטראָמענווייז שיט פונם פנים פאַרינט,
טייטלעכע פינסטערנישן בליקן מאַכט בלינד.

הענט אירע בלייכע זיי פאַנגען דעם זאַמד,
פאָרוואָרף געהיימער אויף לעפצן שוין צאַנקט.

פאָרט דער בן-מלך מיט שווערן געמיט,
פאַרגעסן וועט ער שוין די בת-מלכה ניט.

1841

---

# דער נביא.

פֿון זינט דער אײבערשטער האָט מיך
באַשענקט מיט נביאישן אַלווּיסן,
אין מענטשן־בליקן לײען איך
פֿון זינד און עוולהס בלעטער מיאוסע.

און אויפֿגעהײבן כ'האָב מײן קול
פֿאַר רײנער װאָר, פֿאַר ליבע רײנער,
און כ'האָט דערפֿאַר דאָס בײזע פֿאָלק
פֿאַרוואָרפֿן מיך מיט האַרטע שטײנער.

מיט אַש באַשאָטן כ'האָב מײן קאָפּ
און בין פֿון שטעט אַוועק אַ הילער,
און כ'לעב דאָ אין דער װיסט. און גאָט
מיך שפּײזט באַגלײך מיט פֿרײַע פֿײגלען.

געטרײַ דעם אײביקן באַפֿעל,
מיך חיהס אונטערטעניק הערן
און שפּילנדיק מיט שטראַלן העל
מיך האָרכן אײַך די הױכע שטערן.

און װען איך לויף אַדורך געאײלט
דורך שטאָט, דורך רױשנדיקע גאַסן,
צו קינדער רײדן אַלטע לײט
און שמײכלען צו אַזױ געלאַסן:

אָט לערנט זיך פֿון אים, און זעט,
אַ גדלן, איז אַװעק פֿון ערדה,
אַ נאַר געװאָלט אונז אײנצורײדן,
אַז גאָט פֿון זײנע ליפּן רעדט.

איז קוקט זיך, קינדער, אין אים איין.
ווי ער איז בלייך און ווי פאַרצאָרנט,
ווי ער איז דאַר און הויל און אָרעם
און ווי אים האָבן אַלע פיינט!

1841

---

גיי איך אום אויף ווייטע שליאַכן איינזאַם,
העלער וועג אין נעפּל ליגט צעשפּרייט —
שטיל די נאַכט. גאָטס שטימע טראָגט אין חיים זיך
און די שטערן ריידן שטילערהייט.

אין די הימלען — יום־טובדיק און וואונדער.
ס'שלאָפט די ערד אין בלויען שיין־געוועב.
וואָס־זשע איז מיר שווער אַזוי און וואונדיק,
אַרט מיך וואָס? צי עפּעס נאָך איך שטרעב?

גאָרניט מער. פון לעבן מיינעם כ'וואַרט דאָ,
און עס טוט דער עבר מיר ניט באַנג.
כ'זוך נאָר רו, נאָך פרייהייט נאָר איך גאַר דאָ,
כ'וואָלט אין שלאָף פאַרגעסן זיך פאַרלאַנגט...

אָבער ניט מיט קבר־שלאָף געפלעפטן,
מיר וואָלט אַזוי אַנטשלאָפן זיך געגלוסט,
אַז אין ברוסט זאָלן דרעמלען לעבנס־קרעפטן,
אַז כ'זאָל שטיל באַוועגן זיך די ברוסט.

אַז ס'זאָל טאָג ווי נאַכט אַ זיסע שטימע
וועגן ליבע זינגען מיר געהיים,
איבער מיר זאָל אייביק טונקל־גרינענד
בייגן זיך מיט רויש אַ דעמבנבוים...

1841

---

* * *

ניין, ניין, ניט דיך איך ליב דאָ אַזוי הייס
און ניט פאַר מיר דאָס בלאַנקען פון דיין שיינקייט
כ'האָב לי באין דיר דעם שוין געשטילטן ווייטאָג;
מיין יוגנט, וועלכע האָט שוין אָפּגעברויזט.

און ווען צומאָל איך קוק זיך איין אין דיר,
אין דיינע אויגן כ'דרינג מיט לאַנגן בליק מיט שטומען,
מיט מי פאַרבאָרגענעם געשפּרעך בין איך פאַרנומען,
נאָר ניט מיט דיר מיין האַרץ אַ שמועס פירט.

מיט יוגנט־פריינדין רייד איך דורך זיך דאַן,
אין דיינע שטריכן זוך איך שטריכן פרעמדע,
אין לעפּצן לעבעדיקע לעפּצן שוין פאַרקלעמטע,
און אויגן — לאַנג פאַרלאָשענעם שוין פלאַם.

---

# אַ חלום.

מיט בליי אין ברוסט געלעגן כ'בין אַ בלייכער
אויף הייך פון מיטן טאָג, אין דאַגעסטאַנער טיף.
עס האָט די טיפע וואונד זיך נאָך גערויכערט
און ס'האָט זיך טראָפּנווייז מיין בלוט געטריפט.

אויף זאַמד פון טאָל געלעגן בין איך עלנט
און ס'האָבן פעלזן אַרום מיר זיך דאָ געבלויט,
און זון געברענט האָט זיי די שפּיצן געלע
און מיך געברענט — נאָר כ'בין געווען ווי טויט.

מיר האָט געחלומט זיך אין פייערלעכע גלאַנצן
אַ אָוונט־מאָלצייט אין מיין היים דאָרט גייט

און וועגן מיר אין בלומענקרענץ באַקראַנצטע
דאָרט פירן יונגע פרויען אַ גערייד.

נאָר איינע דאָרט אין שמועס פון יונגע פרויען
קיין אָנטייל נעמט און אַ פּאַרקלערטע זיצט,
און גאָט ווייס וועגן וואָס זי איז פאַרטראַכטעט
און וואו עס שוועבט די נשמה אירע איצט.

און ס'חלומט איר זיך דאַגעסטאַן און פעלזן הויכע,
אַ קערפער אַ באַקאַנטער טויט דאָרט רוט,
און בהיסט זיינער אַ שוואַרצע וואונד זיך רויכערט
און ס'גיסט זיך גליווערדיק אַ שטראָם פון בלוט...

1841

---

# מיין דעמאָן.

ער איז דער האַר פון אַל'דעם בייזן,
אין ה'יך פון וואָלקנס שוועבט ער אים
און ס'זיינען ליב אים שטורעמס הייסע
און טייכן־שוים און וואַלד־געברום.
אויף געלע בלעטער אויף פאַרדאַרטע
שטייט אומבאַוועגט זיין הויכער שטול,
אויף אים, און ווינטן אין פאַרשטאַרטע
ער זיצט דאָרט וויסט און אומעט־פול.
ער וועקט און יעדן אויף אומגלייבן,
פון ליבע מאַכט ער אַ געשפעט.
צו אַלע תפילות איז ער טויב דאָ
און בלוט אַ גלייכגילטיקער זעט.
און שטים פון הויכע געפילן
מיט שטים פון ליידנשאַפט ער דריקט
און מורא האָט די מוזע שטילע
פאַר דעם ניט ערדישן זיין בליק.

1829

---

# ק... ד...

זיי מיט מיר ווי געוועזן ביסטו תמיד,
זאָג איין וואָרט מיר, אַ איינציקס אַזאַ,
אַז דערפילן אין וואָרט זאָל מיין נשמה,
דאָס וואָס זי האָט געזוכט שוין פון לאַנג.

אויב ס'איז דאָ נאָך אַ האָפנונג אַ קליינע
אין מיין האַרץ—וועט זי אויפוואַכן באַלד;
אויב עס קאָנען די אויגן נאָך וויינען,
וועט אַ טרער באַלד פון אויג טאָן אַ פאַל.

ס׳איז דאָ ווערטער — איך קאָן ניט דערקלערן
איבער מיר זייער גרויזאַמע מאַכט,
ס׳קאָן אַ צווייטער זיי גלייכגילטיק הערן,
נאָר דערהער איך זיי, ווער איך דערוואַכט.
1830

---

## אַ ליד.

געלער בלאַט אויף שטענגל פלאַטערט
פאַר אַ שטורעם.
האַרץ דאָס אָרעמע עס צאַפּלט
פאַר אַן אומגליק.

וואָס־זשע מאַכט דען אים, אַז דער ווינט
וועט דאָס בלעטל דאָס דאַרע
אין ווייטן, אין ווייטן פאַרטרייבן.
וועט דעם עלנטן צווייגל
דען אַרן?

וואָס דאַרף אַ יונג טרויערן,
אויב עס איז אים באַשערט
אין אַ פרעמדן לאַנד אומצוגיין?

וועט דאָס שיינע מיידל
נאָך אים בענקען דען?
1830

---

## אַ צלם אויף אַ פעלז.

איך וויס אויף קאַווקאַז דאָרטן איינעם אַ שטיין,
צו אים קאָן דערפליען אַ אָדלער אַליין.
אַ הילצערנער צלם נאָר שוואַרצט איבן פעלז,
ער פוילט און ער ברעכט זיך פון שטורעם און נעץ.

און יאָרן אַ סך זיינען שפּורלאָז אַוועק
פֿון זינט און ער זעט זיך פֿון ווייטלעכע בערג,
און אַלעמען הייבט ער אַהייף דאָרט זיין האַנט,
און ס׳דאַכט זיך די וואָלקנס אין הויכן ער פֿאַנגט.

אָ, ווען מיר גיט איין זיך אַהייף צו דעם שטיין,
ווי איך וואָלט געבעטן, ווי איך וואָלט געוויינט.
און איך וואָלט צעריסן די קייטן פֿון זיין
און וואָלט מיט דעם שטורעם געוואָרן אַ פֿריינד.

1830

---

## כוואַליעס און מענטשן.

כוואַליעס פֿאַרקייקלען זיך רייען נאָך רייען,
פֿאַטשן מיט טייבן גערייד.
מענטשן אין נישטיקע מענגעס פֿאַרגייען
אייביק אַ ריי נאָך אַ ריי.

עס זיינען פֿאַר כוואַליעס פֿון זונשטראַלן הייסע
ליבער די קלעם און די קעלט.
מענטשן אַ זעל ווילן האָבן, נאָר ווייס איך
קעלטער פֿון כוואַליעס די זעל.

1830

---

## נ ב י א י ש.

און קומען וועט צו רוסלאַנד אַ בייז יאָר צו גיין,
ווען פֿאַלן וועט פֿון קעפּ פֿון מלכישע די קרוין
און איבערוואַכן אין פֿאָלק וועט האַס און וואוט,
און דינען פֿאַר אַ שפּייז וועט טויט און בלוט.

אין ס'וועט ניט שיצן דעמאָלט קיין געזעץ און דיין
ניט ריינע פרוי און ניט קיין פיצל קינד,
ווען פון געשטאַנק פון טויטע קערפּער וועט
די פּעסט אין דערפער טרויריקע אַוועק
אַרויסרופן מיט טוך פון יעדן הויז,
ווען הונגער אינם קאַנט וועט ווערן גרויס
און רויט באַפאַרבן וועט די טייכן — דאַן,
דאַן וועט באַווייזן זיך אַ שטאָלצער מאַן
און דו וועסט אים דערקענען און פאַרשטיין,
פאַרוואָס ער האַלט אַ מעסער אין די הענט,
און ווי וועט זיין צו דיר. דיין קרעכץ און דיין געוויין
וועט זיין אים לעכערלעך, וועט זיין אים פרעמד
און זיין וועט שרעקלעך אַלץ און שטרענג אין אים,
ווי הייכער שטערן זיינער, ווי זיין בייזע שטים.

1830

---

## 11 יוני 1831 יאָר.

עס האָט מיין זעל פון קינדהייט אָן, כ'געדענק,
נאָך וואונדערלעכס געגאַרט. כ'האָב ליב געהאַט
די וועלט-פאַרגניגנס, אָבער ניט די וועלט,
וואו איך האָב רגעס קליינע נאָר געלעבט.
און ס'זיינען רגעס פול געווען מיט פּיין.
מיט אָט די שווערע רגעס כ'האָב באַזעצט
געהיימע טרוימען מיינע. נאָר ווי וועלט
איז טרוים פון זיי דאָך ניט געוואָרן וויסט.

ווי אָפט כ'האָב לעבנס גאַנצע הירך געדאַנק,
כ'האָב הרות הורכגעלעבט אין קורצער וויל.
און גאָר פאַרגעסן פון דער ערד. ווי אָפט,
אַן אויפגערירטער דורך אַ טריבן טרוים,

האָב איך געוויינט. נאָר יעדער טריִמערנבילד
פֿון ליבע אויסגעקלערטער, צי פֿון האַס,
איז אויף קיין ערדישן געראָטן ניט געווען —
פֿון אָפּגרונט צי פֿון הויך האָט ער געשטאַמט.

מיט קאַלטן אות איז צו דערקלערן שווער
געדאַנקענקאַמף. קיין קלאַנגען איז ניטאָ
אַזעלכע שטאַרקע אויסצומאָלן קלאָר
דעם דראַנג נאָך גליק. איך פֿיל דעם פּלאַס.
פֿון הייכער ליידנשאַפֿט אין ברוסט. נאָר ווײ,
מיר פֿעלן ווערטער. און איך בין איצט גרייט
צו אָפּפֿערן מיט זיך, כּדי כאָטש ווי עס איז
אַ צווייטן צו דערקלערן, וואָס איך פֿיל.

באַוואוסטקייט, רום, וואָס זיינען זיי. נאָר דאָך
זיי האָבן איבער מיר אַ מאַכט. זיי הייסן מיר
צו ברענגען פֿאַר אַ קרבן אַלץ פֿאַר זיי,
און איך, איך שלעפּ דעם יאָך פֿון שווערע טעג
אַ עלנטער, און צילן און באַשפּאָט.
נאָר כ'גלייב אין זיי. ס'האָט עמעץ מיר שוין לאַנג
אומשטערבלעכקייט פֿאַרשפּראָכן — און איך לעב
און גיב דעם טויט דאָ אָפּ, וואָס שטערבלעך איז.

נאָר הימלישעס — דאָס שטאַרבט דאָך ניט קיינמאָל.
ווען איך וועל ווערן אַש, וועט דאָך די וועלט
באַוואונדערן און ניט פֿאַרשטייענדיקערהייט
מיין טרוים דאָך בענטשן. און דו, מיין מלאך, דו,
ניט שטאַרבן וועסט מיט מיר. עס וועט באַנייט
מיין ליבע אייביק לעבן שענקען דיר
און מיט מיין נאָמען וועט מען דיינעם אויך
דערמאָנען. און אין טויט באַנאַנד מיר וועלן זיין.

צו טויטע ויינען מענטשן גוט. אַ זון
פאַרגעטערט דאָס, וואָס פאָטער האָט פאַרהאַסט.
כדי צו וויסן דאָס, באַדאַרף מען ניט
צו גרויע האָר דערגיין. ס'האָט אַלץ אַן עק.
אַ מענטש לעבט עטוואָס מערער פון אַ בלום.
אַ נישטיקע אַלצאיינס איז וייער צייט
נ'פאַרגלייך מיט אייביקייט. און נאָר די זעל
מוז איינע איבערלעבן דאָ איר וויג,

ווי איך איר שאַפונגס־ווערק. איך האָב אַמאָל
אויף ברעג פון טייך, פאַרגעסן און אַליין
געשפירט, ווי דאָס געשווינדע וואַסער בלייט
זיך בייגט און כוואַליעס איים און ווי עס שוימט
אַ ווייסער שוימענפאַס אַריבער זיי.
איך האָב געקוקט. קיין אַנדערער געדאַנק
האָט ניט פאַרנומען מיך און שטרענגער רייש
די טיפע טרוימען מיינע האָט צעיאָגט.

כ'בין גליקלעך דאַן געווען. אָ, ווען איך קאָן
פאַרגעסן אומפאַרגעסלעכעס, אַ פרויענבליק!
אָ, וויפל טרערן, אומזין, אומרו קאָסט.
אַ צווייטן, כ'ווייס, געהערט זי שוין פון לאַנג.
און איך אַ צווייטע האָב שוין ליב איצט צאַרט,
וויל ליב האָבן און ביי די הימלען כ'בעט
אויף נייע ווייען... נאָר ביי מיר אין ברוסט
נאָך לעבט פון יענער צייט דאָס טריבע בילד.

מיך האַלט ניט קיינער טייער דאָ אויף ערד
און זיך אַליין בין איך, ווי פרעמדע, שווער,
און ס'בלאָנקעט אומעט אויף מיין שטערן אום.
כ'בין קאַלט און גאוודיק און ביי דער וועלט

אַפילו שלעכט כ'זע אויס... נאָר דאַרף דען ווער
מיט העזה מיר אַריינדרינגען אין האַרץ.
וואָס דאַרף ער וויסן, וואָס איך טראָג אין זיך,
צי פלאַם, צי פינסטערניש — אים איז אַלצאיינס.

אַ וואָלקן שפרייט זיך טונקל אין דער הויך.
נאָר פייערפלאַם פאַרבאָרגן איז אין אים.
עס רייסט זיך אויס דער פלאַם און מאַכט צו אַש
דאָ אַלץ, וואָס ער באַגערט. ער גיט אַ שיין
און ווידער אין די וואָלקנס זיך באַהאַלט.
און ווער דערקלערן וועט, פון וואָס ער שטאַמט,
ווער וועט אַריינקוקן אין וואָלקנמוט.
צו וואָס? ער וועט פאַרשווינדן אָן אַ שפור.

דער מאָרגנטאָג באַמרויקט מיין האַרץ.
וואו וועל איך ענדיקן מיין לעבן, וואו
וועט אַ מבלאָנקען מיין זעל, אין וואָסער לאַנד
וועל איך געפינען אַלץ, וואָס איך האָב ליב?
נאָר ווער ס'האָט מיך געליבט, דער וועט מיין שטים
דערהערנדיק דערקענען, און איך זע
מיט צער: מע טאָר ניט ליב האָבן, ווי איך.
נאָר כ'זע: כ'האָב שוואַכער ליבן ניט געקענט.

פיל גליבן ניט אין ליבע אויף דער ערד.
אַ גליק צו זיי. פאַר זיי איז דאָס ניט מער
ווי אַ פאַרלאַנג פון קאָכעדיקן בלוט,
ווי מוח-צערודערונג, ווי חלום בלויז.
איך וויים אויך ניט, ווי ליבע מע דערקלערט
נאָר ס'איז די שטאַרקסטע ליידנשאַפט. פאַר מיר
איז ליב האָבן אַ מוז. און כ'האָב געליבט
מיט גאַנצער אָנגעשטרענגטער נשמה-קראַפט.

אין ס'האָט געגאַר מיך אָפּצולערנען ניט געקאָנט.
אָן ליידנשאַפטן האָט דאָס האַרץ געגאָגט.
און אין דער טיף פון וואונדיק האַרץ האָט פאָרט
די ליבע, יונגט־געטין דאָך געלעבט.
אַזוי אין חורבות־שפאַלט זיך טרעפט אַמאָל
וואַקסט אַ בערעזע איסעט. זי איז יונג
און גרין און זי דערפרייט דאָרט יעדנס בליק
און צירט אַזוי דעם וויסטיקן גראַניט.

און טריבער דורכגייער באַדויערט זי.
און זי, זי שטייט אַזוי דאָרט ניט געשיצט
פון בייז געוויטער און פון היץ. צולעצט
וועט זי פאַרוועלקט דאָרט ווערן פאַר דער צייט.
נאָר ס'וועט קיין שטורעם זי קיינמאָל פון דאָרט
ניט איסרייסן מיט וואָרצלען. פעסט שטייט זי.
אַזוי הערשט ליידנשאַפט אין אַ צעבראָכן האַרץ
מיט אומבאַגרענעצטער, מיט שטייפער מאַכט.

די שטאָלצע נשמה ווערט קיינמאָל ניט מיד.
איר ווערט ניט קאַלט אונטער דער לאַסט פון זיין,
ניט טייטן וועט זי גורל אַזוי גיך.
ער קאָן זי איספירן נאָר. און נקמה־פיל
ווערט זי צום אומבאַזיגבאַרן שוין גרייט
פיל בייז צו טאָן. הגם זי וואָלט געקאָנט
אַ ליכטיק גליק פאַר טויזנטער צו זיין —
אַ זעל אַזאַ נאָר האָט אַ מערדער, צי אַ גאָט.

ווי ס'זיינען מיר מדבריות אייביק ליב.
כ'האָב ליב דעם ווינט צווישן הילע בערג.
כ'האָב ליב דעם שפּאַרבער אין דער הימל־הייך
און וואָלקנשאָטן, וועלכער שווינדט אויף פלאַך.

דער פרײדיקער טאַבון קײן יאָך ניט װײכט,
און שײן איז בלוט־דאָרשטיקער פײגל אויך
און פרײער, ליכטיקער דאַכט אױס ער פליט
אונטער דער בלוי און װאָלקן פונם סטעפ.

און אַ געדאַנק פון אײביקײט פאַרכאַפּט
דעם מענטשנס שכל פּליצים, װי אַ ריז,
װען ברעגנלאָזער אָקעאַן פון סטעפ
פאַר זײנע אײגן בלוט. װען יעדער קלאַנג
פון װעלט־האַרמאָניע, װען יעדער שעה
פון לײדן און פון פרײד װערט קלאָר פאַר אַײך,
און פרײ—מיר קאָנען דין־וחשבון דאַן
זיך װעגן אונזער גורל אָפּגעבן אַלײן.

װער האָט די הײכע װילדע בערג באַזוכט
אין יענער פרישער שעה, װען זון פאַרגײט?
אויף מערב־זײט דאָס אויג נאָך אָן דאָס ליכט
אָן שאָטן פון דער נאַכט פון מזרח־זײט,
און אונטן — נעפּל, פעלזן־טרעפּ, געװיקס,
אַרום אַזעלכע װאונדער־הײכע בערג,
װאָס שטײען װי װאָלקנס אין אַ שטורעם־װינט
און װאונדער הײכן ברענען אויף דער זון.

זכרונות פון אַמאָל װערט פול דאָס האַרץ.
עס קלאַפּט זיך שטאַרק. אַ הײסער טרױם װעקט אויף
צום לעבן דעם פאַרגאַנגענהײטס־געבײן
און אַלץ איז װידער װי אַמאָל דאָרט שײן.
אַזױ איז אונזער אײגן בילד אונז ליב,
אַפילו װען עס װערט די ענלעכקײט שױן אָן,
כאָטש ס׳בליט אויף לײװנט נאָך דער אײנגלאַנץ
פאַרלאָשענער פון לײדנשאַפט און צײט.

וואָס איז דאָ שענערס אויף דער ערד פון בערג,
פון שטאָלץ באַשנייטע פּיראַמידן פון נאַטור?
ניט הים פון מדינות און ניט זייער שאַנד
דעם שטאָלצן איסזען זייערן ניט בייט.
און וואָלקנס פינסטערע צעשיטן זיך
אָן זייער שאַרף. און ס'רינגלט בליצנשטראַל
די פעלזן-שפּיצן. אָבער ס'שאַדט זיי ניט,
ס'איז ערדישעס אויף הימלשעס ניט חל.

ווי טרויעריק איז סטעפּ, ווען ניט פאַרצוימט,
נאָר וויגנדיק דאָס ווילבערדיקע גראָז
זיך טראָגט אַרום אַ צאַפּנדיקער ווינט
און יאָגט דאָרט פריי פאַר זיך און הייבט אַ שטויב,
ווען אום-אַרום, וואוהין דו וואַרפסט אַ בליק,
באַגעגנסטו בערעזעס צוויי צי דריי,
וואָס שוואַרצן דאָרטן אין דער ווייטער וויסט
אין טונקלקייט אין בלוילעכער פון נאַכט.

אַזוי איז אומעטיק דאָס לעבן אויך אָן קאַמף.
און ווען מיר קוקן אום זיך אויף צוריק,
ווי ווייניק מעשים זעען מיר. יונגערהייט
שוין קאָן דאָס לעבן ניט דערפרייען די זעל.
איך זוך דאָ וואָס צו טאָן. און יעדער טאָג
וואָלט איך אומשטערבלעך מאַכן אים געוואָלט,
ווי גייסט פון יענעם גרויסן העלד. און דו
קאָן איך גאָרניט פאַרשטיין, וואָס ס'באַטייט.

אָ, שטענדיק זידט עפּעס און עפּעס רייפּט
ביי מיר אין מוח. אומעט צי פאַרלאַנג
באַאומרויִקן אָן אויפהער אָט די ברוסט.
נאָר וואָס? מיר ווייזט דאָס לעבן אויס זיך קורץ

און כ'ציטער אַלץ, אַז ניט באַוויזן כ'וועל
דאָ אויסטאָן וואָס. דער דאָרשט פֿון זיין אין מיר
איז שטאַרקער פֿון די גרעסטע לייד און פּיין,
כאָטש פֿרעמדן לעבן האָב איך פֿיינט און האַס.

ס'איז דאָ אַ צייט. געשווינדער שכל פֿרירט.
ס'איז נשמה־דעמערונג. ווען דיין באַגער
איז טונקל. ווען געדאַנקען שלאָפֿן איין.
ס'הערשט האַלבע שיין צווישן פֿרייד און וויי.
די זעל פֿון זיך אַליין זיך קלעמט צונויף.
דאָס לעבן ווערט פֿאַרהאַסט. דאָך שרעקט דער טויט.
דעם קוואַל פֿון ליידן זעסט אין זיך אַליין
און קאָנסט דעם הימל ניט באַשולדיקן און גאָר.

איך בין צו אָט דעם צושטאַנד שוין געוויינט,
נאָר אויסדריקן אים קלאָר וואָלט ניט געקענט
ניט מלאכישע, ניט דעמאָנישע שפּראַך —
זיי איז אַזאַ מין אומרו ווייט און פֿרעמד
און ערשטן ריין איז אַלץ, און צווייטן ביז,
און נאָר אין מענטשן טרעפֿן האָט געקאָנט
דאָס הייליקע און מיאוסע. און זיין פּיין
די אייביקע דערפֿון אַליין נאָר שטאַמט.

דאָ קריגט ניט קיינער דאָס וואָס ער באַגערט
און וואָס האָט ליב. און זאָל אַפֿילו דער,
וואָס ס'האָט אים גליק דער הימל יאָ געשענקט
און עבר אייגענעם ווען טאָן אַ קוק,
וואָלט ער געזען, אַז גליקלעכער וואָלט ער געווען,
ווען ס'וואָלט דער גורל נאָר אים ניט פֿאַרסמט
די האָפֿנונגען. אַ כוואַליע אויך אַזוי
איז ניט בכוח קערן זיך צום ברעג,

ווען זי, פון אַ געוויטער־שטורעם געיאָגט
זיך טראָגט שוין רוישנדיק מיט שוים באַדעקט.
דעם איינגים איינענעם און אָטשערעט,
וואו זי האָט שטיל גערוט, געדענקט זי גוט.
זי ט׳מעגלעך אין אַ צווייטן איינגים נאָך
ווען אָנקומען. נאָר זי וועט שוין קיין רו
ניט האָבן דאָרט, ווער ס׳איז אין ים געווען,
דער קאָן ניט שלאָפן מער אין רו פון ברעג.

איך האָב פאָראויס דערקאָנט מיין גורל און מיין סוף.
און פריער צער אויף פנים מיינעם ליגט.
און נאָר באַשעפער ווייסט דאָ, ווי איך לייד.
און וויסן דאַרף עס ניט די קאַלטע וועלט.
נאָר ניט פאַרגעסן וועט מען מיך. מיין טויט
וועט שרעקלעך זיין. באַוואונדערן וועט אים
די פרעמד, און אין מיין אייגן לאַנד
וועט מען פאַרשעלטן שוין דעם אָנדענק וועגן מיר.

ניט אַלע, ניין. אַ וועזן איז פאַראַן,
וואָס פעיִק ליבן איז, הגם ניט מיך.
זי גלייבט מיר ניט, עד־היום גלייבט זי ניט,
נאָר ס׳וועט איר האַרץ, וואָס איז מיט פייער פול
ניט צוהערן זיך שטאַרק צו פאַלשע רייד.
דערמאָנען וועט זי זיך מיין נביאיש וואָרט
און בליק, וואָס שפריצט מיט לעבן איצט,
אומזיסט וועט זיך פאַרוואָלקענען פון טרער.

עס וואַרט אַ גרוב אַ בלוטיקער אויף מיר,
אַ קבר און אַ תפילה, און אַ קרייץ
אויף ווילדן ברעג פון ברומענדיקן ים
און אונטער הימל־געפלען, וויבט אַרום.

און ס'וועט אַ פרעמדלענדער אַ יונגער העלד,
וואָס האָט געהערט פון מיר מיט ווי געפיל
פון נייגער-הערצן צוקומען אַהין
און זיצן דאָרט אַמאָל אויף ווייסן שטיין.

און ער וועט זאָגן דאָרט: פאַרוואָס האָט וועלט
דעם גרויסן ניט פאַרשטאַנען. פאַרוואָס האָט ער
קיין פריינד דאָ ניט געהאַט. און ווי האָט ליבע-גרוס
און האַרץ צו אים קיין האָפענונג ניט געבראַכט.
ער איז די ווערט געווען — און שווער וועט זיין
דעם יונגן דאָרט. און ווייט העט טאָן אַ קוק
די וואָלקנס-זעען און די כוואַליעס-בלוי,
אַ ווייטן זעגל, אַ געשווינדע שיף,

און מיין קורגאַן! ווי ליב האָב איך אַזוי
דערפון צו טרוימען. אַ זיסקייט איז פאַראַן
אין ניט געשעענעם. ס'איז שיינקייט דאָ
אין אָט אַזעלכע בילדער. נאָר ס'איז שווער
אַרויסצוברענגען זיי אויפן פאַפיר.
געדאַנק איז שטאַרק, ווען ווערטער פרעסן ניט,
ווען ער איז פריי, ווי קינדערישע שפיל,
ווי האַרפנקלאַנג און שטילקייט פון די נעכט.

1831

---

## פאַרלאַנג.

פאַרוואָס ניט קיין פויגל בין איך, ניט קיין קראָ
וואָס איז הויך איבער מיר אָט אָ דאָ?
וואָס קאָן איך אין הימלען ניט אומשוועבן פריי
אויף צו זיין נאָר דער פרייהייט געטריי?

אױף מערב, אױף מערב אַװעק כ׳װאָלט געשװינד,
װאו דאָס פעלד, װאו דאָס הײמישע גרונט,
װאו ס׳רוט אין אַ שלאָס אױף פאַרנעפּלטן שטײן
דער אורעלטערנס עלנט געבײן.

אױף אוראַלטער װאַנט אין דעם אוראַלטן שלאָס
הענגט אַ שװערד און אַ שילד דאָרט פאַרלאָזט,
געפלױגן װאָלט איך איבער שילד, איבער שװערד
און דעם שטױב מיט אַ פליגל פאַרקערט.

און פון שאָטישער האַרף כ׳װאָלט אַ סטרונע דערלאַנגט
און אַדורך אונטער דאַך װאָלט דער קלאַנג
דורך אײנעם געהערט, און פון אײנעם דערװעקט,
איבגעשאַלט װאָלט און גלײך זיך געעקט.

נאָר אומזיסט איז דער טרױם און אומזיסט דאָס געבעט
קעגן גורלשן שטרענגן געזעץ,
צװישן מיר און צװישן מײן פאָטערלאַנד ברײט
האָט דער ים זײנע כװאַליעס צעשפּרײט.

אַ לעצטלינג פון העלדישע קריגער פאַרװעלקט
כ׳װער אין פרעמד צװישן שנײען און קעלט.
כ׳בין געבױרן דאָ הי, נאָר מײן זעל נישט פון הי,
אָ, פאַרװאָס נישט קײן פײגל בין איך?...
1831

---

# אַ מלאך.

אַ מלאך האָט האַלבנאַכט אין הימל געשװעבט
און אַ ליד האָט אַ שטילע געװעבט.
און לבנה און שטערן און װאָלקנס אָן שיעור
געהערט האָבן הײליקן שיר.

געזונגען האָט ער פֿון דער ליכטיקער וועלט,
פֿון גייסטער אין הימלשן צעלט.
געזונגען פֿון גאָט, פֿון זיין גרויסקייט און מאַכט
און ריין האָט געקלונגען זיין שבת.

געטראָגן אַ יונגע נשמה האָט ער
פֿאַר שווערער פֿאַראומערטער ערד
און ס'האָט זיך אָן ווערטער דער קלאַנג פֿון דעם ליד
אין דער יונגער נשמה פֿאַרהיט.

און זי האָט געמאַטערט אויף וועלטן זיך לאַנג
און וואונדערלעכס עפּעס פֿאַרלאַנגט,
און נימאסע לידער פֿון ערד האָבן איר
ניט פֿאַרבייטן געקאָנט יענעם שיר.

1831

---

ניין, כ'בין ניט בייראָן. איך דערוויילט,
נאָר ניט באַוואוסט איז נאָך מיין נאָמען.
ווי ער אַ וואַנדערער אין וועלט,
נאָר מיט אַ רוסישער נשמה.

כ'בין פֿרי אַהיים און פֿריער אַוועקגיין,
און אויפֿטאָן וועט מיין גייסט ניט פֿיל.
עס ליגט אין זעל ווי אויף אָקעאַנס-דעקן
צעשמעטערטע האָפֿענונגען שטיל.

אָ, ווער וועט, אָקעאַן געהיימער,
אַנטפּלעקן דיינע סודות? ווער
דער וועלט דערציילן מיינע טרוימען? —
איך אָדער גאָט און קיינער מער.

1831

---

צו ...

פֿאַראַן איז אין ליד מיינער טהייער, איך חיים,
נאָר זי וועסט מיין פֿריינד זי ניט הערן אַלצאיינס.
דעם הייליקן שמייכל וועט זי ניט פֿאַריאָגן
פֿון ליפּן, פֿאַר וועלכע איך לעב דאָ אין פּלאָגן.

צו דיר וועט קיין וואָרט און קיין קלאַנג ניט דערגיין,
קיין צייכן פֿון דעם ווי איך לייד אין געהיים.
זי וועסט דאָך מיט ליבע דעם זינגער ניט טרייסטן,
צו וואָס־זשע זאָל ער נאָך די רו דיר צעשטערן.

אָ ניין, דער געדאַנק נאָר אַז ליכטיקן גליק,
פֿאַרשטעלן אַ טרער קאָן פֿון זעלטענעם בליק,
און האַרץ וואָלט די קלאַנגען די ווילדע פֿאַרשטיינערט
כאָטש זי האָט מיך פֿריער געליבט צוליב ווי נאָר.

---

## דער זעגל.

עס ווייסט זיך ווייט אין ים אַ זעגל,
אין בלויען נעפּל איין־אַליין.
וואָס זוכט ער דאָרט אויף ווייטע וועגן,
און וואָס האָט ער פֿאַרלאָזט אין דר'היים.

עס פֿייפֿט דער ווינט און כוואַליעס וויגן
און סקריפּענדיק די מאַסט זיך בויגט...
נאָר ווי — ער' יאָגט זיך ניט נאָך גליקן
און ניט פֿון גליקן ער אַנטלויפֿט.

ס'שיינט אונטער אים אַ שטראָם אַ קלאָרער.
און הויך שפּילט העלע זונענשיין,
און ער, דער מורד, בעט אויף שטורעם,
ווי גלייך ס'וואָלט זי אין שטורעמס זיין.

---

1832

# באַמערקונגען

## לידער — ערשטער טייל.

1. דאָס געזאַנג. געשריבן לויטן רוסישן פאָלקס־נוסח, וועלכן לערמאָנטאָוו האָט ליב געהאַט און שטודירט. אין אינהאַלט איז דאָ אַ קערן פון אַ ווירקלעכער געשעעניש פון יענער צייט. אָפּגעדרוקט בעת לערמאָנטאָוו איז געווען פאַרשיקט אויף קאַווקאַז פאַר זיין באַרימטער ליד „אויף פושקינס טויט“ און געחתמעט בלויז מיט די איניציאַלן פון לערמאָנטאָווס נאָמען און פאַמיליע, האָט דאָס געזאַנג שטאַרק אויסגענומען.

אינטערעסאַנט איז לערמאָנטאָווס אייגענע באַציונג צום געזאַנג. ווען ער האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם ערפאָלג פון דעם געזאַנג, האָט ער געשריבן פון קאַווקאַז, אַז קיינער ווייסט אַוודאי ניט, אַז אָנגעשריבן האָט ער דאָס פון לאַנגווייל, ווען ער האָט אַ קראַנקער ניט געקאָנט אַרויסגיין פון שטוב עטלעכע טעג.

2. דער געפאַנגענער. די ליד האָט ל. אָנגעשריבן אויף אַ שטיקל פאַק־פּאַפּיר מיט אַ שוועבעלע איינגעטונקען אין סאַזשע און וויין, בעת ער איז געזעסן אַרעסטירט פאַר דער ליד אויף פושקינס טויט. דאָס איז אַן איבעראַרבעטונג פון זיינער אַ פריער ליד (פון 1832 אָדער 36) אונטערן נאָמען „פאַרלאַנג“. דער ערשטער האַלבער פערז איז געבליבן דער זעלבער.

3. אַ תּפילה. די ליד איז געשריבן גלייך מיט דער פריער־דיקער. אין כתב־יד רופט זי זיך אָן „די תּפילה פונם וואַנדערער“.

4. ניט גלייב זיך, צו דער ליד איז פאַראַן אַן עפּיגראַף פונם פראַנצויזישן דיכטער אַווגוסט באַרביע (1805—1882) וואָס באַטייט: „וואָס גייט אונז אָן דאָס אייביקע העצן פון אַלע בילנדיקע שאַרלאַ־

טאַנען, די הענדלער מיט באַגייסטערונג, די מייסטערס פון געצירטקייט און צו אַלע טענצער, וועלכע טאַנצן אויף דער פּראַזע".

5. דריי פּאַלמעס. אין דער ליד געפינט מען אַ געוויסע קרובהשאַפט צו פּושקינס שורות אין די „נאָכמאַכונגען דעם קאָראַן".

6. די תּפילה. מע דערציילט, אַז ל. האָט די ליד אָנגעשריבן אונטערן איינדרוק פון דער קאַטוילישער „אַווע מאַריאַ", וועלכע מע האָט פאַר אים דורכגעלייענט.

7. צום אָנדענק פונם פירשט אָדאָיעווסקי.

דער דיכטער און דעקאַבריסט א. אי. אָדאָיעווסקי האָט נאָך דער פאַרשיקונג געדינט אין ניזשני נאָווגאָראָדער דראַגונער פּאָלק אויף קאַווקאַז און דאָרט האָט לערמאָנטאָוו זיך באַקאַנט מיט אים.

געשטאָרבן איז אָדאָיעווסקי דעם 10טן אָקטאָבער 1839טן יאָר פון קדחת בעת אַ עקספּעדיציע.

די דאָזיקע שיינע עלעגיע האָט אַ באַזונדערן אינטערעס אַלס אַ ביישפּיל פון דעם, ווי לערמאָנטאָוו פלעגט אַריבערטראָגן פערזן פון איין ליד אין אַנדערן, פון איין פּאָעמע אין דער אַנדערער. אין דער דאָזיקער ליד זיינען דאָ שטיקער פון לידער געשריבענע אין די יאָרן 1832 און 1836. אין אָריגינאַל איז די ליד געגראַמט.

8. דעם ערשטן יאַנואַר. — זע אין ביאָגראַפיע.

9. די קאָזאַקישע וויגליד. ס'זיינען דאָ אָנווייזונגען, אַז זי דערמאָנט אַ וויגליד פונם ענגלישן דיכטער וואַלטער סקאָט. מע זאָגט, אַז די געוויסע מוזיק צו דער דאָזיקער ליד האָט געשאַפן ל. אַליין.

10. דער זשורנאַליסט דער לעזער און דער שרייבער. געשריבן בעתן זיצן אויף דער הויפּטוואַכט פאַר דער דועל מיט באַראַנטן. ענלעך צו פּושקינס ליד מיט דער זעלבער טעמע.

די טייטש פונם עפּיגראַף איז: „די דיכטער, ווי די בערן שפּייזן זיך פונם זויגן די אייגענע לאַפּע. ניט געדרוקטער". אין אָריגינאַל גייט די ליד מיט גראַמען.

11. די גייסטער־שיף. דאָס איז אַ פרייע נאָכמאַכונג די באַלאַדן פונם עסטרייכישן דיכטער זיידליץ אָדער צעדליץ. אין דער איבערזעצונג האָב איך געלאָזט דעם דייטשן נאָמען „די גייסטער־שיף". אויף רוסיש הייסט זי „די לופט־שיף".

12. צו אַ קינד. ליט דער אָנווייזונג פון פּ. א. וויסקאָוואַטאָוו וועלכער האָט פּערזענלעך געקאָנט לערמאָנטאָוון זאָל די ליד זיין געווענדט צו דער טאָכטער פון וו. לאָפּוכינע, לערמאָנטאָווס געליבטע.

13. שפּיצן בערג. אַ פרייע איבערזעצונג פון דער צווייטער טייל פון געטעס „דעם וואַנדערערס נאַכט־ליד“.

14. ווען ס׳וויגט דאָס געלע פעלד. די ליד איז אָנגעשריבן בשעת ל. איז געזעסן אַרעסטירט פאַר דער ליד אויף פּושקינס טויט.

15. דער שכן.—אָנגעשריבן אין דעמאָלט. דערמאָנט אַ יוגנט־ליד פון 1831טן יאָר.

16. מיר האָבן זיך צעשיידט. — אַ צונויפשמעלצונג פון צוויי לידער געשריבענע נאָך אין 1830טן יאָר.

17. וואָלקנס. אָנגעוואָרפן אויפן גוזעגעניש־אָוונט פאַר׳ן אָפּפאָרן צום צווייטן מאָל אויף קאַווקאַז ביי די קאַראַמזינס (דער רוסישער היסטאָריקער) אין הויז.

## לידער — צווייטער טייל.

1. אויף פּושקינס טויט.

פּושקין איז אויף טויט פאַרוואונדעט געוואָרן אין דעם דועל מיט דאַנטעסן דעם 27 יאַנואַר 1837טן יאָר און אין צוויי טעג אַרום, דעם 29טן יאַנואַר געשטאָרבן. וועגן זיין טויט האָט מען אין שטאָט שוין גערעדט דעם 28טן.

דער טויט פון פּושקינען, וועלכן לערמאָנטאָוו האָט שטאַרק געשעצט און ליב געהאַט האָט אויף אים געמאַכט אַן אומגעהייערן איינדרוק. עטלעכע טעג נאָך פּושקינס טויט האָט ל. אָנגעשריבן די ליד ביז די לעצטע 4 סטראָפן. עס האָבן זיך געפונען אַזעלכע פאַרשטיינער. וואָס האָבן געהאַלטן דאַנטעסעס צד און געזידלט פּושקינען. דאָס האָט לערמאָנטאָוון שטאַרק איבערגעבראַכט און ער האָט צוגע־שריבן די לעצטע שורות:

אין איר די גאַוודיקע זין פון טאַטעס...

די ליד איז גלייך באַקענט געוואָרן און מע האָט זי שטאַרק

גערימט. אָבער די וואָס האָבן זיך דערקענט צווישן „די הענקער פֿון פֿרייהייט" האָבן גלייך דערוויזן דעם קיסר, אַז די ליד איז ניט מער און ניט ווייניקער ווי אַ רוף צו רעוואָלוציע.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּראָצעס איבער לערמאָנטאָוון און איבער זיין פֿריינד קראַיעווסקי, וועלכער האָט די ליד פֿאַרשפּרייט (אין געשריבענע עקזעמפּלאַרן). ניט געקוקט אויף אַלע השתדלות איז לערמאָנטאָוו פֿאַרשיקט געוואָרן אויף קאַווקאַז און קראַיעווסקי אין אָלאָנעצער גוב.

צווישן די פּאַפּירן וועגן דעם ענין איז געווען צוגעלייגט אַ כּתב-יד פֿון דער ליד מיט אַ עפּיגראַף פֿון אַ פֿראַנצויזישן שרייבער ראָטרו.—אָט איז די טייטש פֿונם עפּיגראַף:

נקמה נעם, אָ, קיסר, נעם נקמה!
איך פֿאַל צו דיינע פֿיס.
גערעכטיק זיי און באַשטראָף דעם מערדער
אַז ס'זאָל דיין שטראָף אין קומענדיקער צייט
דיין משפּט דיין גערעכטן מעלדן,
אַז מערדער זאָלן אָפּלערנען דערפֿון.

די דאָזיקע ליד „אויף פּושקינס טויט" רעכנט זיך פֿאַר איינעם פֿון לערמאָנטאָווס טעטיקייט אַלס דיכטער, דער אָנהייב פֿון זיין ערפֿאָלג און רום.

2. דער שטאַרבנדיקער גלאַדיאַטאָר. דאָס איז אַ פֿרייע איבערזעצונג פֿון צוויי סטראָפֿן פֿון בייראָנס „טשאַילד האַראָלד". צום סוף זיינען געגאַנגען נאָך 15 אָריגינעלע שורות מיט אַ פּאָליטישן באַטייט (צום גלאַדיאַטאָר ווערט צוגעגליכן איראָפּע), נאָר לערמאָנטאָוו האָט זיי דערנאָך אויסגעמעקט.

3. הער איך. די ליד איז אין אָריגינאַל ניט געגראַמט. די גראַמען אין דער איבערזעצונג זיינען צופֿעליקע.

4. צו קאַזבעקן. די ליד געהערט צו דער צייט פֿון אומקערן זיך פֿון דער ערשטער קאַווקאַזער פֿאַרשיקונג.

5. איך וויל ניט. די צייט פֿון אָנשרייבן די ליד איז ניט באַוואוסט. זי איז געשריבן אָדער אין 1837 אָדער אין 1841.

„די וועלט“ האָט דאָ דעם ענגן זין פֿון הויכגעשטעלטן קרייז, אין וועלכן ל. האָט זיך געדרייט און וועלכן ער האָט ווי פּושקין מיט אַלע זיינע תּשים פֿאַראַכט. אין דעם זין באַנוצט זיך דאָס וואָרט „וועלט“ אָפֿט.

6. ניט לאַך. באַציט זיך אויך אָדער צום 1837 אָדער צום 1841טן יאָר. ס'זיינען דאָ פֿאַראַן שורות פֿון אַ ליד פֿון 1830.

7. דער דיכטער. בעלינסקי (דער גרויסער רוסישער קריטיקער) האָט אַמאָל געשריבן, אַז ל. שפּראַך באַזיצט די פּושקינישע פּינקט-לעכקייט. דער אויסדרוק אָבער „מיט ראָסטן פֿון פֿאַראַכטונג“ האָט ער געהאַלטן איז ניט קיין פּינקטלעכער און מאַכט אַן איינדרוק פֿון אַלעגאָריע.

8. קאַזאָט, זשאַק — אַ פֿראַנצויזישער שרייבער (1792—1720). האָט אין אָנהייב 1788 אויף אַ מאָלצייט פֿון פֿראַנצויזישע אַקאַדע-מיקער פֿאָראויסגעזאָגט אַלע געסט וואָס עס וועט מיט זיי געשען בשעת דער אָנקומענדיקער רעוואָלוציע.

9. די ליבע פֿונם מת. געווענדעט, ווייזט מען אָן צו דער לאָפּוכין.

10. דער געפֿאַנגענער ריטער. אָנגעשריבן בעתן זיצן אויף דער הויפּטוואַכט פֿאַר דעם דועל מיט באַראַנטן.

11. די שכנה. אויך דעמאָלט געשריבן.

12. ס'איז דאָ ווערטער. די ליד איז אַן איבעראַרבעטונג פֿון אַ פֿריער געדרוקטער ליד אונטערן נאָמען „וואונדערלעכע קלאַנגען“. דער מאָטיוו טרעפֿט זיך שוין אין די יוגנט-לידער פֿון 1830 און 1832.

13. וואַלעריק. די ליד איז געווענדט צו דער שוין דערמאָנטער וו. א. לאָפּוכין (באַכמעטיעוו). די שלאַכט ביי וואַלעריק איז פֿאָר-געקומען דעם 11טן יולי 1840. לערמאָנטאָוו האָט זיך אין איר אויס-געצייכנט מיט זיין אומגעווינלעכער מוטיקייט.

14. די לעצטע היים. די ליד איז אָנגעשריבן אין צוזאַמענהאַנג מיטן איבערפֿירן נאַפּאָלעאָנס קערפּער פֿונם אינז סאַנט-עלען קיין פּאַריז.

ווי פיל גרויסע דיכטער פון יענער צייט (ביראָן, היינע). האָט ל. ליב געהאַט נאַפּאָלעאָנען. ווי, די דאָזיקע דיכטער האָבן געזען אין נאַפּאָלעאָנען דעם פאַרקערפּערטן פרייהייט-גייסט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע.

ל. האָט באַזונגען נאַפּאָלעאָנען נאָך אין דער יוגנט (לידער פון 1829 און 1831). און בלויז איין מאָל אין אַ ליד פון 1832 „די צוויי ריזן", וואו ער פאַרגלייכט נאַפּאָלעאָנען מיט אַלעקסאַנדער I וועגן זיינע „פּאַטריאָטישע" געפילן איבער.

15. פּאָטערלאַנד. געדרוקט אין 1841טן יאָר.

16. באַרעכטיקונג. אַן איבעראַרבעטונג פון אַ ליד פון 1830טן יאָר.

17. דער וויכוח.—דער גרייזער גענעראַל, וואָס ווערט דאָ דערמאָנט—איז יערמאָלאָוו, וועלכער האָט אין די 20ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט איינגענומען קאַווקאַז.

18. טאַמאַרע. לויט דער פאָלקסלעגענדע האָט אין דאַריאַלישן טאָל געלעבט די קיניגין דאַריע, ל. האָט אירע טאַטן צוגעשריבן אַ צווייטער לעגענדאַרער פערזענלעכקייט.

19. דער נביא. לויט דער טעמע פון פּושקינס ליד.

20. דער חלום. די ליד האָט ל. אָנגעשריבן אונטערן איינדרוק פון אַ מעשה פון איינעם אַ גענעראַל שולין, וועלכער איז געלעגן איבן שלאַכט-פעלד צווישן די הרוגים.

## לידער — דריטער טייל.

1. מיין דעמאָן. געשריבן אין 1829. לויט דער טעמע ענלעך צו פּושקינס אַ ליד. די ליד איז דער ערשטער קערן פון דער באַרימטער פּאָעמע.

2. נביאיש. געשריבן בשעת כאָלערע-בינטן אין רוסלאַנד אין די יולי-טעג אין פראַנקרייך. זי גייט מיט אַ באַמערקונג פונם דיכטער: דאָס איז אַ טרוים.

3. 11 יוני 1831. אין אָריגינאַל זיינען די שורות געגראַמט.

4. פאַרלאַנג. לערמאָנטאָווס צישריפט: סערעדניקאָווע, אָוגוסט
איפן בעלוועדער 29 יולי.
5. דער זעגל. די ליד האָט לערמאָנטאָוו צוגעשיקט אין אַ
בריוו צו וו. א. לאָפוכין אין אָקטאָבער פון 1832טן יאָר.

---

# א י נ ה אַ ל ט

---